מ. ריוועסמאן.

# דעם „זיידענס" משלים.

פריי און יודיישליך בעארבייט נאך קרילאָוו.



ס"ט פעטערבורג.
בוכדרוקעריי פאן יוסף לוריא עט קאָמפּ., גאראחאוואיא 48.
1908.

אַ מַתָּנָה

מײַן טײַערען ברוֹדער.

דֶער מְחַבֵּר.

ספ"ב, כ"ז שבט, ה'תרס"ח לפ"ג.



# דער אייזעל און דער סאָלאָווע.

אַנ'אייזעל, אַ בֶּן־חֲמוֹר,
(אַזוי דערצעהלט אַ מַאֲמָר),
האָט ערגיץ וואו דערזעהן אַ סאָלאָוועי
און מאַכט צו איהם אַזוי:
„מען הייזט אויף אייך, ר' קָרוֹב, מיט די פינגער,
אַז איהר זענט פון די גרויסע זינגער...
— דאָס איז אַנ'אַלטע זאַך.
אַז צינגער
בְּטֶבַע פלאַפּלען אָן אַ סַך. —
בְּכֵן, פערשטעהט איהר, וואָלט איך וועלען
אַליין מיין מיינונג שטעלען. —
מִבֵּינוֹת האָב איך בִּירוּשָׁה.
טאָ זענט זשע, פעטער, אַזוי גוט
פאַסט מוֹפָה
און זאָגט מיר אָב אַ שטיקעל „קְדוּשָׁה"...

מיין סאָלאָוועי לאָזט זיך נים בעטען לאַנג.
און הויבט אָן זיין געזאַנג,
בעווייזט דעם חמור וואָס ער קען:
אַ פּייף—אַ ברען...
דערנאָך גאַנץ שטיל
צוגיסט זיך מיט אַ לאַנגען טריהל
און פּונקט ווי די חזנים אונזערע די גדולים,
פערגעהט ער זיך אויף די אויבערשטע כּלים...
א קרעכץ, א דרעה—
פוי זיסקייט נעהם וואָטש און צוגעה....
אַרום
איז שטום...
דער ווינדעל הערט זיך צו
און שאַ—ליעגט אין זיין רוה....
די פוינעלאַך
פערמאַכען די אויגעלאַך,
זיי זיצען אויף די צווייגען
און שווייגען...
אַ פּאַסטוכיל, וואָס איז נים ווייט געזעסען,
האָט אָן זיין טייפעל גאָר פערגעסען. —
ער זיצט און הערט
פערקלערט...
און זיינע קיה אפילו
צוגעהען אויך פון טהייערען „בעל-תפלה”...

מײַן סאָלאָװעיטשיק װערט ענטשװיגען,
דער חמור, דער בר־דעה,
קנײַצט שטאַרק דעם שטערן, קראַצט די פּאה,
נעהמט באַלד זיך קלינגען
און זאָגט אַזאַ מין דרשה:
„מהיכי־תיתי... נאָר נישט קשה...
אַ „שחרית״, בלעכען,
קען מען פאַר נויט אײך געבען...
נאָר ביבין אײך ערוב,
ר׳ קרוב,
אַז אײער קול
װאָלט זײַן נאָך זיסער טױזענד מאָהל,
און זײַן װאָלט איהר נאָך מעהר נעניט,
װען איהר װאָלט חאַפּען נור דעם שניט
פון אונזער באַר־חזן, דעם נאון —
איך מײן טאַקי... פון האָן...״
דערהערענדיג אַזאַ מין „זאָגען״
פליהט אונזער סאָלאָװעי װאוהין די אױגען טראָגען.

---

דער אױבערשטער זאָל קײנעם שױן ניט פּלאָגען
מיט אַ פערהערער, אױף נעזאָגט אַ מבין,
„װי אַ חזיר אױף הימעל“...





# דער העל־אנד און דאָס הינטעל.

א העלפאַנד, גרויס פונקט ווי אַ באַרג,
האָט מען אַ מאָהל געפיהרט איבער'ן מאַרק. —
ביים עולם איז געוועזן שמחה—וששון:
מען לויפט מקבל פנים זיין דעם „חתן“.—
און ס'קאָכט אין געסיל
ווי אין א קעסיל,
און פלוצלונג. ווי אַ ווינטעל,
פליהט דורך א הינטעל
און וואַרפט זיך אויפ'ן העלפאַנד בילט.
משונה ווילד...
„הער, גבר“
— זאָגט איהם אַ צווייג אַ קלוגע, —
„אז דו בייסט שכור,
צו טאַקי נאר משונע..
דו גרויסער נאר!

װי קומסטו צו אזא מין נְבַר....?

נחאַלד. טאַטע—פּאַטער!

בּיסט גרויס אין גאַנצען װי אַ „טַל־וּמָטָר“,

דו בּיסט שוין המזעריג געװאָרען,

געזונד פערלאָרען, —

ער הערט דיך, אָבער װי דעם קאַטער,

געהט זיך זײַן װעג—און פָּטוּר“.

„הערסט—מאַכט דאָס הינטעל—אָט אַזאַ מין עֵסֶק

ניט מאַכן מיר צו חֵשֶׁק...

אצינד,

זײַ זיבער, װעלען מײַנען אַלע הינד:

אַז כ׳בּין טאַקי אַ העלד

גאר אײנער אויף דער װעלט,

װײַל כ׳הויב זיך אָן

אַפילו מיט אַ סלאָן“...





# דער וואָלף און דער שעפּס.

דער שטאַרקער און דער עושר
איז אַלע מאָהל, ס'פערשטעהט
זיך, דער בעל-יושר,
דאָס האָב איך בקבלה פון
מיין רבין,
נאָר ס'פּאַסט אַ מאָהל אַ שעגעם
משל געבען.

אַ שעפּס, ס'וואַזט אויס אַ גרויסען נאַשער,
האָט זיך פערגלוסט אַ טרונק אַ קאַלטען וואַסער
(עס איז געווען „ניין טעג“
אַ היטץ—אַ שרעק)
ער לויפט צום טייך, טרינקט זיך אָן כדבעי
און האָט דערפון, איך זאָג אייך, גרויס הנאה . . .
נאָר ערפּיס, פונקט ווי אויף להכעיס,
(בעשערט געווען איהם אויסקריינקען דעם נחת)
האָט ער, ניט פאַר קיין שעפּס געדאַכט,
אַ וואָלף בעגעגענט, וועלכער האָט געטראַכט
פערבייסען נאָך אַ שווערען תענית . . .

ר׳ װעלװיל אָבער װעלכער חיים זאַקאָנעס
אונ װיל ס׳זאָל כּשר זײַן די שחיטה —
שרײַט אױס: „דו שײנעץ אײנער
אַזױנער און אַזױנער,
װי נעהמסטו זיך די שליטה
צו מאַכען טמא
די מים טהורים פון מײַן טײַך?...
מסתּמא
בּיסטו אַ כּופר בּעיקר,
דעריבער װעל איך גלײַך
צורײַסען דיך אויף שטיקער״.—
— ר׳ װעלװעלע! הערט אױס, זענט מוחל,
כ׳מײַן טאַקי, פּשוט על פּי שכל:
דאָס טײַכעל האַלט דאָך אין אײן לױפען
און ס׳קען ניט װערען טמא בּשום אופן...
— בּין איך אַ ליגנער? האַ! אַ שענע מעשׂה!
אַ ליאַר. אַ חצוף און אַ בּור דאורײַתא...
נאָר װאַרט, מיר דוכט אַז פאַר אַ יאָהרען
(כ׳האָב, אָן עין־הרע, אַ זכּרון)
האָסטו מיך אויף דעם זעלבען אָרט
בּעלײדיגט מיט אַ גראָבען װאָרט...
דו האָסט געמײנט, כ׳װעל ניט געדײנקען
דיר שײנקען?...
נײן, בּרודער, װעסט בּײַ מיר אױסקרײנקען!



— ר' װעלװעלע! װאָס רעדט איהר. נװאַלד!
כ'בין נאָך קיין יאָהר ניט אַלט...
— איז דאָס געװען, אַ פּנים,
דיין ברודער, אויך אַן עזות-פּנים...
— כ'בין אַ בן-יחיד! כ'האָב קיין ברידער ניט...
— איז דאָס געװען אַן אַנדער ייד, —
דיין קרוב, דיין מחותן, —
כ'קען קיינעם ניט דערמאָהנען איצט צו גוטען,
דו, דיינע קרובים, דיינע מחותנים,
די פּאַסקודניקעס, די הינד—איהר זענט
מיר אַלע שונאים!...
איהר טהוט מיר תמיד שאַדען
און אין מיין בלוט װאָלט איהר זיך באָדען.
איך זעה אַלץ און פערשטעה,
נאָר כ'װעל מיט דיר זיך רעכענען פאַר זיי. —
— ר' װעלװעלע! הערט אויס געדולדיג!
מיט װאָס בין איך דאָ שולדיג?
— שטום, עזות-פּנים! האָסט פערגעסען,
אַז איך װיל עסען?...
געזאָגט—און באַלד
ענטלויפט ער מיט דעם שעפּס אין װאַלד...



# דער חזיר.

אַ חזיר, אַ פערשטײַטער עם=הארץ,
איז אין אַ הויף פערקראָכען צו אַ פּריץ
און מיט זײַן חזיר'שען פערשטירטען שנוק
צוגראָבען זיך אין בלאָטע דאָרט גענוג.
צוריק, ס'פערשטעהט זיך, איז דער פײַנער גאַסט
געקומען אויסגעשמירט, ווי פאַר אַ דבר=אַחר פּאַסט...
„נו—וואָכען איהם געפרעגט זײַנע חברים,
במחילה, אויך חזירים—
„ס'מוז בײַ די פּריצים זײַן אַודאי ציכטיג,
און שעהן און ליכטיג?...
זײַ, די נגידים, האָבען, זאָגט מען, האָלט
נור זילבער, דימאַנטען און גאָלד...
— עט! שװער איך אײַך עס איז אַלץ נאָלע ליגען...
כ'האָב דאָרטען ניט געקאָנט בשום אופן קריגען
אַ שטיקעל ריינעם אָרט, —
איך זאָג אײַך אויף מײַן וואָרט,
אַז כ'האָב צוגראָבען דאָרטען אַלץ,
און אומעטום אַ בלאָטע ביז'ן האַלז.



# די זשאַבע און דער אָקס.

אַ זשאַבע, ווי ס'ווייזט אויס, אַ נאַר,
האָט נאָהענט בײַ אַ טײַך דערזעהן אַן אָקס, אַ גִבּור...
און טרעפט, איך בעט אײַך, אַדְרַבָּא,
וואָס ס'זהאָט פערוואָלט זיך מיט אַ מאָהל מײַן זשאַבע?
זי וויל דורכאויס
פּונקט ווי דער אָקס זײַן גרויס.
אַ פָּנִים,
לְהַכְעִיס אַלע שׂוֹנְאִים,
שפּרינגט זי אַרויס פון טײַכיל
בלאָזט מיט נעפּיהל דאָס בײַכעל,
דערזעהט אַ חֲבֵר'טע און פרעגט:
„וואָס זאָגסטו, שוועסטעריל, עס קלעקט?"
מיר דוכט זיך, כ'בין
שוין מעהר ניט אַזוי דין?

— ווילסט וויסען, שוועסטערל, דעם אמת?
גיטא אויף פעטקייט, שווער איך דיר. א רמז.
— שווייג, שוועסטערל־לעב, לאז,
אט גיב איך זיך א פיינעם בלאז...
נו קוק, נאר גיב ניט קיין עין־הרע.
— וואס זאגסטו איצט?
— די אלטע צרה...
מיין זשאבעלע, פערשטעהסט איהר,
איז ניט געווארען ברייטער
און בלאזענדיג זיך, האט מיין פיק־חכמה
ארויסגעבלאזען די נשמה...

---

גאנץ אפט, רבותי, זעהען מיר,
אז ס'וויל א קבצן לעבען, ווי א גביר.
ער קריכט ארויס, מיין חכם, פון די כלים.
און אין די הויפענס לאכט פון איהם דער עולם...



# דער פּרוש און דער בער.

„אַ טובה אין אַ נויט
קען ראַטעווען אַ מאָהל פון טויט"
אַזוי זאָגט אָפּט דער עולם.
נאָר אַ בעל־טובה, אַז ער איז אַ גולם,
(עס זענען בעלי־טובות דאָ אַזוינע)
איז ערגער, ווי אַ שונא.

אַ מאָהל האָט זיך געלעבט אַליין,
פערוואָרפען, עלענד, ווי אַ שטיין,
אַ ייד, אַ פּרוש,
אַן אַלמן, צו אַ גרוש.
ער האָט
געוואָהנט העט ווייט הינטערן שטאָדט.

פלעגט נאָט טאָג־טעגליך בענטשען
און חיבען טוראָ׳דיג פון מענשען .
עס דרינגען ערגיץ װאו אפילו די חכמים,
אז זײן אנ׳ענו, אַ איש תמים
און לעבען אלע טאָהל פערשטעלט
פון דער פערפיהרטער װעלט
איז פּשוט אַ גן־עדן ;
מען דארף ניט האװען און ניט רײדען ,
מען קען שפּאַצירען איבער װעלדער
און פעלדער...
ס׳איז תמיד שפּיל
מען טהוט זיך װאָס מען װיל—
נאָר ס׳װערט דערעסען
אפילו קרעפּלאך אלץ צו עסען ,
געפינט מען זיך דעריבער ניט קײן אָרט ,
אַז ס׳איז ניטאָ מיט װעמען אויסרײדען אַ װאָרט—
אַצונדער.
איז גאָר שוין ניט קײן װאונדער ,
אַז אונזער פּרוש איז צום מוטה
געװאָרען גאָר ניט נוטה
און ער האָט זיך געלאָזט אין װאלד שפּאַצירען ,
אום אַ בעקאַנטשאפט צו פערפיהרען .
הײנט זאָגט , מיט װעמען
קען מען

אין וואַלד אַ חבֿר וועלן?
נאָר מיט אַ וואָלף צי מיט אַ בערן...
און נאָט איז טאַקע
מזכּה
דעם פּרוש מיט אַ בער אין וואַלד — —
אַ חיה נאָר אַ וואַלדי!
מײַן פּרוש האָט איין מיטעל:
ער נעהמט אַראָב דאָס היטעל.
דער בער (פּונקט עפּיס, ווי אַ חלום)
גיט איהם אָב „שלום!״.
אַ וואָרט, ווי ס׳פיהרט זיך, פּאַר אַ וואָרט —
זיי ווערען שוין בעקאַנט,
און געהען שוין בײַנאַנד —
פערשטעהען זיך, ווי ס׳וואַקסט אויס, פאָרט...
דער פּרוש שווײַגט:
ער האָט אַ פרײַנד,
מײַן בער, ס׳פערשטעהט זיך,
געהט מיט און פרעהט זיך...
ס׳איז שווער צו וויסען
פון וואָס זיי שמועסען —
הײַנט, כ׳מײַן, פון ווער אַפּילע
קומט דען אַרויס אַ פּעולה?...
גלאַט אין דער וועלט אַרײַן: מען רעדט:
ס׳איז „מרבּה דבֿרים—מרבּה חטא״. —

וַיְהִי הַיּוֹם,

(ס'איז מִן הַסְתָּם גֶעוֶוען אַנ'אֶצְבַּע אֱלֹהִים)

פֶערגלוסט זיךְ זייא פֶערבְּרֶענגֶען גוּט די צייט,

און מאַכֶען אַ שְׁפַּאַציר ווייט—ווייט...

אַ סוֹף, אַנ'עֶק—

גֶעזאָגט און בַּאלד טאַקי אַוועֶק.

זייא גֶעהֶען בּיידֶע פְרֶעהליךְ

און טאַקי ניט פאַמעֶליךְ,

אַ טאָג אַ שֶׁעהנֶער,

עֶס שׁטעֶרט ניט קיינֶער,

די גרינֶע בּוימֶער

(ס'איז גראָד גֶעוֶוען לַ"ג בָּעוֹמֶר)

דֶערצֶעהלֶען סוֹדוֹת, רוּישֶׁען שׁטיל,

ס'איז אַ מְחַיֶה—קִיהל...

די פוֹיגֶלאַךְ זינגֶען הויךְ אַ נִיגוּן—

אַ „שִׁיר שֶׁל יוֹם" אַ פֶערגֶעניגֶען.

אַ בֶּער מְמֵילָא, בְּלייבּט אַ בֶּער,

איהם שְׁפַּאנֶען איז ניט שׁווֶער.

דֶער פָּרוּשׁ אָבֶּער קֶען שׁוֹין מֶעהר ניט גֶעהן,

און כאַפּט אָבְּשׁטעֶהן, —

דֶער בֶּער האָט דאָס דֶערזֶעהן

און זאָגט: „מיין לִיעבֶּער פריינד!

סיר שׁיינט,

דוּ בִּיסט שׁוֹין מֶעהר ניט מוּנטֶער —

הינקסט אוּנטֶער.



האָר, ברודער! דו

זעצט דיך אַ רגע צו...

און אויב דו ווילסט, אַבְרָהמ'ל,

טאָ האַפּ טאַקי אַ דרעמל

און וואַלד אין גרינעם,

און איך וועל זיין אַ „שומר-חִנם",

מיין פּרוש לאָזט זיך גאָר ניט בעטען לאַנג,

(אַ קליינינקייט געמאַכט אַזאַ מין גאַנג!)

ער ציהט זיך אויס אין גראָז

און הויבט אָן פּיפּען מיט דער נאָז...

ר' בערל היט מיט חֵשֶׁק,

און אָנב שיקט איהם צו דער אויבערשטער אַנ'עֶסֶק:

ער גיט אַ בליק

און זעהט, אַ פליג

זיצט אויף זיין חבר'ס קאָפּ.

ער טרייבט זי באַלד אַראָב.

זי איז אָבער אַ גיבעֶ

און זעצט זיך אויפ'ן נאָז...

געהערט אַזאַ רְצִיחָה!

ר' בערל ווערט אין כַּעַס

נאָר אָהן אַ שפּאַס...

און כ'מיין, ס'איז טאַקי דאָ פאַר וואָס...

ער טרייבט זי יעדע רגע,

און זי איז, ווי אַ פּגע...

נעהט ניט אוועק,
אַ קלעק...
מײַן בער
ניט זיך אַ קלער,
רעדט ניט קיין װאָרט
און הױבט זיך אויף פון אָרט;
לאָזט זיך אַבּיסל װײַטער געהן
און קומט צוריק אין גיכען מיט אַ שטײן
אַזוי
אַ פּוד צװײ...
זעצט זיך אַוועק און װאַרט מיט גליק
די פליג.
זיצט שטיל און האַלט דעם אָטהעם אײַן...
בּײַמעת מעשׂה קלערט ער זיך: „גאַנץ פֿײַן!..
דו װאַרט נאָר, חוצפּה,
כ'האָב שוין צו דיר אַ תּרופה״...
די פליג, פּוגקט מאַקן װי זי װאָלט דאָס װערען—
זעצט זיך בּײַם פּרוש אויפ'ן שטערען. —
מײַן בער הויבט אויף דעם שטײַן דעם שװערען
און טראַך!... צוזעצט מיט מזל כּרבעי
(ס'הײַסט, פּשוטו כּמשמעו)
זײַן ליעבען פרײַנד דעם שאַרבען,
און יענער האָט זיך אַ גרינג-שטאַרבען...



# דער וואָלף און דער בוציאַן *).

אַ וואָלף לעבט תּמיד פֿון גנֵבָה

און איז דערצו אַ זולל וְסובא:

פֿערנעסט,

בְּשַׁעַת ער פֿרעסט

און אַרבעט מיט די ציינער

צו היטען זיך פֿון ביינער.

דערפֿאַר האָט איינער

זיך באַלד דערוואָרגען:

עס האָט זיך איהם געשטעלט אין גאָרגעל—

אַגרויסער ביין...

האָטש שריי, האָטש וויין!

ער פֿרייכט, ער הייכט—

ס'איז אַלץ אומזיסט...

ער אַרבעט מיט דעם נְסִיָה,

ווי פֿאַר דער מִיתָה...

*) Журавль.

עס איז צו וויינען און צו קלאָגען...
נעה, נעהם האָטש ווידוי זאָגען:
קיין הילף נימאָ ביי וועמען צו געפינען;
נאָר זענענדיג כּמעט שוין ניט ביים זינען,
דערזעהט דער וואָלף אַ יונגען מאַהן,
דעם חכם, דעם בּוצאַן...
ער ווינקט איהם ווי עס איז צו זיך,
אַז ער זאָל לויפען גיך,
איהם העלפען אין דעם נויט
און ראַטעווען פון טוידט, —
און יענער,
מסתּמא אַ חירורג, אַ קענער,
איז מוכן ומזומן
צו הילף איהם קומען,
טהון אַלץ...
ער רוקט אריין דעם וואָלף אין האַלז
זיין שנאָבעל דעם משונה לאַנגען
און נעהמט דעם ביין ביים חולה פאַנגען
מיט-כּל-הגאַנגען,
און ס'איז ביי איהם די שמחה זעהר גרויס:
ער שלעפּט מיט מזל גיך דעם ביין אַרויס.
און בּעט דערפאַר
ביים וואָלף אַ שכר...
— דו נאַר'ניש! בּעטסט נאָך פאַר דיין טרחה?

נעה, ניט פאַרנעם
צו טאַנצען
צוליעב דעם נס,
װאָס דו האָסט פון מײַן מויל אין גאַנצען
אָהן אַ שום סירכא
געראַטעוועט און ניט קײַן בויטען
דײַן קלונען חכם.
נעה, טראָג זיך אָב מיט דײַנע בײנער,
דו .עקיש אײנער!...
פליה, װי אַ פּײל פון'ם בוינען,
און יעה, ניט קריך להבא אין די אוינען...






— איך בעט דיך, ברודער-לעב, כאַפּ עפּיס צו...
— כ'בין זעהר זאַט... הלוואי ביז מײַן ענד-לעבען...
— עט, ברודעריל, לאָז מיך צורוה —
כ'לעבען,
וואָס טויג דיר, מעשיות מיר דערצעהלען,
און יעדע לעפּעלע צו צעהלען?...
עס, ברודעריל, ווי ס'דאַרף זײַן, מיט אַ גרונד
און זאָל דיר זײַן אַלץ צו געזונד...
אַלץ האָסט אַ יויך—אַ פעטער און אַ האַססער
ס'מעג עסען וואָטש דער קיסר.
אַ יויך אַ גאָלדענער—ס'איז פּשוט אַ מחיה...
וואָס שווײַגסטו? שטעל זשע כבוד, יענטע-חיה!
אַ שטיקעלע געפילטע העכט,
באמונות, נאָר ניט שלעכט...

אַ שלאַפֿענדיל , אַ פּיש אַ גרינגנער—
װעסט לעקען , זאָג איך דיר , די פֿינגער . . .
אַ פּלאָטקעלע—פּונקט טאַקי אַ „מזומן״ . . .
נו, עס און זאָל דיר װאויל בעקומען . . .״
אזוי האָט געטראַקטירט ר׳ טרײַטעל
זײַן שכן, פײַטעלען :
געבעטען שטאַרק,
געשטאַנען אויפ׳ן קאַרק,
האָט ניט געלאָזען רוהען איהם אַ רגע —
װי ס׳גיט זיך איין אַ פּגע . . .
פײַטעלען איז שוין התם,
עס גיסט פֿון איהם אַ מוראַ׳דיגער שװײס,
נאָר מיט דעם לעצטען כּח
עסט פײַטיל געכיך נאָך אַ טעלער יויך . —
— אָט-אָט דערפּאַר, מײַן גאָלד,
האָב איך דיך אמת האָלד . . .
כ׳האָב פײַנד, אַז יענער לאָזט זיך בעטען,
שטאַרק אײַנרײַדען און גלעטען,
נו, ברודעריל! טאָ זײַ-זשע מיר אַ מענש!
נעהם נאָך אַ טעלעריל—און בענטש . . .״
ר׳ פײַטעל, אויף אַ יויך אַ גרויסער בעלן,
װעהם אָבער, אַז ער װערט פֿערפּאַלען,
און כאַפּט אין הײַלע שרעקען
זײַן היטעל מיט זײַן שטעקען,

אונ לויפט משונה גיך,
ווי אהן זינ
מיט איספעט, אונ מיט האסט
אונ שווערט, ביי טרייטלען מעהר ניט זיין
קיין נאסט.





# דער לייב אויף יאַגד.

אַ לייב, אַ שטאַרקער און אַ גרויסער
פון אַלע חיות אין דעם וואַלד אַ קיסר,
אַ פוקס און אַ קליין הינטעל—
אַזאַ, מישטיינס געזאָגט, נעזינטעל—
האָבען געמאַכט יד-אַחת
צו לעבען אַלע מאָהל אין שלום און אין נחת
און בהתלען צווישען זיך דעם ריוח פון עסקים
אויף גלייכע דריי חלקים...
ויהי היום.
געפינט אונטער אַ בוים
דער פוקס, וואָס האָט אַ שאַרפע ראיה,
אַ שעפס, נאָך פריש און וואַרים,
ער מאַכט אַ ליאַרם,
רופט חברה צו דער כשר'ע מציאה.

ר׳ לייב, אין הלכות טהילען א בקאוסטער רגיל,
בעוויזענדיג זיין שארפען נאגיל,
מאכט כהאי לישנא צו די שותפים: „זעהט
איך בעט:
דעם חלק מיר דערפאר,
וויל איך בין אייער האר,
א לייב, א קיסר,
א שטארקער און א גרויסער...
דעם צווייטען חלק נעהם איך פריי
לפי התנאי, —
און צו דעם דריטען חלק
צום ראזינען שטיק בווילעק,
ווער ס׳וועט זיך צורירען פון איך
מען זאגען ווידוי גלייך...”





# די קראָע*) און דער פוקס.

א חניפה'לע, חיים יעדער,
איז גרינג פונקט, ווי א פעדער, —
זי האט א לאנגע צונג,
קריכט יעדערען אריין אין לונג...
א וועלט ווייסט דאס שוין לאנג,
נאר זי געהט זיך איהר גאנג,
פערדרינגט זיך גאנץ געשמאק
און נארט אריין אין זאק.

---

א קראָע האט געשעהן א נס:
נאט האט איהר צוגעשיקט א שטיקעל קעז.
מיין קראָע
וויל האבען פון דעם הנאה

*) קראָב (Ворона).

זי זעצט זיך אויף אַ כּוים בְּדְוָחָה

אונ חיל שוין מאַכען אַ „שֶׁהַכֹּל"-בְּרָכָה,

נאָר (אָסור. אויב איך חײַס פאַר װאָס)

פערריסט זי מיט אַ מאָהל די נאָז,

פערטיעפט זיך אין רַעְיוֹנוֹת,

פערגעסט אָן די מְזוֹנוֹת···

דערווײַלע

בעדאַרף זיך טרעפען, ב״ה, אַ „יַעֲלֶה״:

אַ פוקס׳ל געהט פאַרבײַ—אַ זוֹלֵל וְסוֹבֵא—

װאָס ציהט חֲיוּנָה תָּמִיד פון נְגֵבָה···

דערהערט דעם רֵיחַ פונ׳ם קעז דעם זיסען,

פערגלוסט זיך איהם צו ירש׳ענען דעם ביסען···

ער שטעלט זיך אָב,

הויבט אויף דעם קאָפּ,

דרעהט מיט׳ן עק,

פערטהון אַ שרעק—

און זאָגט מיט גרויס נעפיהל,

בִּמְתִיקוּת, שטיל:

„מײַן האַרץ, מײַן קרוין,

װי דו ביסט שעהן,

און מָלֵא חֵן···

אַזאַ מין העלזיל, אַזאַ אויגעלע

איז נאָר ניטאָ דאָ בײַ קײַן פויגעלע. —

איך זאָג דיר אָהן רַמָאוּת:

ס'איז מאקי נסים ונפלאות...
אַ פּערעל, אַ שנעבּיל—אַ נחמה...
מסתמא
האָסטו אַ שטים —
אַ מתנת־אלהים...
אויב צו דײַן חן,
קענסטו נאָך זינגען שעהן,
װעט זײַן אין אונזער קהלה
דײַן נאָמען לשם ולתהלה, —
איך װעל די ערשטע אָבגעבען אַ נאַלקע
מען זאָל אין װאַלד דיך מאַכען פאַר אַ מלכּה...
דעריבּער בּעט איך דיך, מײַן נחה,
די שונאים אונזערע להכעיס,
נים לאָז מיך װאַרטען לאַנג —
הויב אָן דײַן טהײַערען געזאַנג". —
די קראָע די קלוגע
װערט פּשוט נאָר משוגע,
דאָס הערציל קלאַפּט,
דער אָטהעם װערט בּײַ איהר פערחאַפּט,
ס'פערדרעהט זיך איהר דער קאָפּ —
זי הוסט זיך אָב,
חאַפּט גיך דעם טאָן,
הויבּט אָן

און טאַקי באַלד
הילכט איהר „קרע־קרע“ איבער דעם גאַנצען וואַלד...
די קעו, ס'פערשטעהט זיך, פאַלט אַראָב...
דער פוקס פערהאַפט עס און ציהט אָב...





# דער קוקוק און דער האָן.

— אָי, הענדעלע, האָסטו אַ כּלי
אַ הילכינגע, אַ וואָהלע…
— און דו, קוקוק, זינגסט שעהן, אַ גוואַלד…
אַזאַ מין זינגערקע איז גאָר ניטאָ אין וואַלד…
— דיך וועגדעל, וואָלט איך גערן
פון טאָג ביז שפּעט בײַ נאַכט אַלין הערען
— און דו, מײַן נחתל… דײַן שעהנעם נגון
הער איך מיט פערגעניגען,
און אַז דו ווערסט ענשווינגען,
שווער איך דיר בנאמנות,
ווערט אונמוטהיג מיר נאָר סכּנות…
אַ קעלכיל—הילכיג, קלאָר,
מיר אַזאַ יאָהר
נאָר כ׳וואָלט, בײַ אייך איז שוין אזא משפּחה;
האָטש נעהם און מאַך אַ ברכה…
איהר זינגט דאָך פּונקט אַזוי
ווי אַ סאָלאָװעי…

— א גרויסען דאנק! דו מעגסט מיר גלויבען,
אז דיך, מיין הענדעל, טהוען לויבען
אי חיות, אי די גרעסטע מענשען —
מען קען מיט אייך זיך פשוט בענשען...
— איך זעה, איהר האט הנאה —
זאגט זיז א קראָע —
פון דעם, נאראָנים, וואס איהר לויבט זיך כּדבעי...
נאר אייך זאג איך בפני כּל עם ועדה,
אז קאליקעס אין זיננען זענט איהר בּמדע...

---

איז דאך די קשיא:
פאר וואס
לויבט דעם קוקוק דער האן גאר אהן א מאס?
מאכט רש״י:
דערפאר מאקי, וויל יענער
זאגט, אז דער האן איז אויך א קענער...





# די זומער פויגעלע און די מוראשקע.

אַ זומער פויגעלע האָט זומער
געלעבט זיך נאָר אָהן קומער,
געזונגען פרעהליך, מינטער
און האָט פערגעסען אָן דעם ווינטער, —
און פלוצלונג—אַי, אַ גוואַלד—
עס איז אַנ׳אַימה קאַלט;
געוואָרען
אַלץ אויף די פעלדער אויסגעפראָהרען. —
אַ־מאָהל פלעגט זי טאַנ־טעגליך צו די בלומען
צו גאַסט קומען,
געהאַט בײַ זײַ אַ געסט,
געזעסען אויף די פעטע קעסט,
איצט אָבער, פע! „לא מיט אנ׳אָלף״!
דער ווינטער קוילעט אָהן א חלף.

מיין פוינעלע וויל שפּײַזן זיך פון קצבה

און זאָגט צו דער מוראַשקע: „זעה, פערדין אַ מצוה!

בּיז זומער גיב אַ דירה מיר און עסן —

כ'וועל קיין מאָהל דיר די טובה נים פערגעסען".

— זאָג, שוועסטעריל, — גיט יענע זי אַ פרעג —

האָסטו געהאָרעוועט האָטש אין די גוטע טעג?

— וואָס רעדסטו? ווער האָט דאָס פון דעם געטראַכט?

כ'האָב אַלץ געזונגען און געלאַכט...

— הייסט דאָס האָסטו...

איך האָב אַ זומער אָבגעשפּילט אַ גאַנצען! —

— נו, אויב אַזוי, טאָ גיה, זיי מוחל, טאַנצען!...





# דער שפּיגעל און די מאַלפּע*).

אַ מאַלפּע האָט דערזעהן אין שפּיגעלע איהר פּנים
און זאָגט צום בער: „אָי וועה צו מײַנע שׂונאים...
ר' בערל, זעגט מיר אַזוי גוט
און טהוט
אַ קוק אויף די משונה'ע בריאה,
איהר האָט, דוכט מיר אַ גוטע ראיה...
איך בעט אײַך, זעהט אַ מויל —
ס פאַלט פּשוט אָן אַ גרויל...
וואָס זאָגט איהר, פעטערל, צו דער הויה
פון דער פערשײַטער חיה?
כ'וואָלט אפשר, שוועהר איך אײַך, שוין מאָרגען
זיך באַלד דערוואָרגען,
ווען איך אַליין
וואָלט אויך געוועזען אַזוי שעהן. —

---

*) אַבעזיאַנע.

און כ'גיב אייך, פּעטערול, מײַן האַנד,
אַז כ'האָב אין אונזער קאַנט
אַזוינע ניוחזיקעס געזעהן
אַ שטיקלאַך צעהן״;
— וואָס דאַרפט איהר זיך, מאַדאַם, אַזוי פיעל קלעמען
מיט זיי זיך שעמען?...
מאַדאַם! ניט בעסער גוט אַ קוק,
אויף אייער שנוק״...
די מאַלפּע הערט ר' בעריל'ס עצה
און, כּי לא ידעה, קוועטש זי מיט דער פלייצע...



# דער פּעריל און דער האָן.

אַ פּערל חוי אַ באָב אַ גרויסען
האָט אין אַ בערגיל מיסט אויף דרויסען
אַ האָן דערזעהן אַ מאָהל
און שרייט אויס מיט זיין זיסען קול:
„אַ כּשר'ע מציאה מאַקי!...
איך דאַרף דאָס חוי אַ מכּה
אויף צרות און אויף כּפּרות...
און מענשען זענען דאַך אויף דעם בעלנים...
נאַראָנים!...
איך אָבער
וואָלט מיט אַ גערשט. אָדער אַ האָבער,
ווען נאָט וואָלט מיך מיט איהם בעגליקט
זיך מעהר דערקוויקט...
מען שאַצט איהם אָפּשר גאָר ניט הויך
נאָר פולער ווערט פון איהם דער בויך...

אין וואָס אַ גראָבער יונג האָט אַ ידיעה וועניג
איז אָפט ביי איהם ניט ווערט אַ פּעניג...

# צוויי כלים.

פארביי אנ'עולם
האט מען געפיהרט צוויי כלים,
און איינע,
א כלי גראד א קליינע,
האט אהן א סוף געטראסקעט מיט א כח
פערדולט א מוח.
געשראקען מענשען,
חאטש נעדם, לויף נומל בענשען.
די צווייטע.
א גרויסע און א ברייטע,
איז ניט געחעזען אזוי פרעהליך
געריהרט זיך גאר פאמעליך.
די ערשטע כלי,
פערשטעהט איהר דאך ממילא—

האָט זיך געקאָנט אי טרעסקענען אי טאַנצען,
ווייל פוסט איז זי געווען אין גאַנצען,
די צווייטע,
די גרויסע און די ברייטע,
האָט זיך געפיהרט מיט דרך־ארץ, פיין,
ווייל זי איז פוהל געווען מיט וויין...

דער עם־הארץ,
וויל תמיד זיין אַ פּריץ
קריכט אויבען אָן
און מאַכט זיך פאַר אַ האָן. —
דער למדן איז כל־ימיו
אַנ׳עניו...
זיצט אין אַ ווינקעלע פערשטעלט,
נאָר ער פערשטעהט אַ וועלט.




— גוט מאָרגען, וואו ביסטו פערפאַלען?

— איך בין געווען אַ בעלן

אין „ערמיטאַזש" צו געהן. —

נו, האָב איך זיך דאָרט, ברודער, אָנגעזעהן. —

3 שעה פונקט אויפ'ן זייגער

האָב איך פערבראַכט אַ שטיינער.

ס'איז נאָר, איך זאָג דיר, אין לשער...

קיין געלד איז, דוכט זיך מיר, ניט טהייער!

ס'איז אָהן רמאות,

נאָר גאָלע נסים ונפלאות...

משונה קען מען ווערען,

פון דעם, וואָס די נאַטור קען זיך אָבקלערען. —

איך האָב געזעהען דאָרטען

אי פויגעלאַך, אי חיות כל־הסאָרטען...



אָ, װעלכע פױגעלאַך,
און שעהנינקע פליגעלאַך,
און צינגעלאַך־מיגעלאַך...
נאָר מאָנצינקע, װי קערענדלאַך,
און שלײַנגעלאַך, װערימלאַך...
עס בליסצען אײגע, גיב איך דיר מײַן האַנד,
װי א ברילליאַנט,
און ס'זענען אנדערע פונקט, װי קאָרעלען, שען,
און װי א שפּילקע־קעפּיל קלײַן...
— טאָ זאָג, דעם העלפאַנד האָסטו דאָרט געזעהן,
װי גרױס, װי שטאַרק...
האָסט ניט געמײַנט, אַז ס'שטעהט א הױכער באַרג?
— ער שטעהט דען דאָרטען?
— דו הערסט?... איך מײַן...
— דעם העלפאַנד, ברודער, האָב איך גראָד דאָרט
ניט געזעהן.



# צוויי מייז.

— מײַן קרוין, איך האָב אַ גוטע בְּשׂוֹרָה!
עס גײען אונז אָהן עַיִן־הָרָע נאָר בְּשׂוֹרָה!
האָט אויסגעשריִהען אויפ'ן קול
אַ גרויסע מויז אונטערן פאָל:
— דער גַזְלָן אונזערער, דער קאָט,
וועט, דאַנקען גאָט,
ניט זײַן שוין מעהר בײַ אונז קײן גאַסט:
ער ליגט שוין ווי אַ פלאַסט
אין די לאַפּע בײַ דעם לײַב.
— אָי, שוועסטערײל! ניט גלויב!
מיר מאָרען אויף דעם גאָר ניט האָפען!
אויב ס'האָט דער לײַב זיך מיט דעם קאָט געטראָפען,
מאָ זאָג איך דיר פאָראויס,
אַז ס'וועט דער לײַב קײן גאַנצער ניט ארויס...
די סְבָרָא איז מְחַיֶה:
אַז שטאַרקער ווי דער קאָט איז גאָר ניטאָ קײן חַיָה.



# דער ליגנער.

אַ רײַזענדער אַ סוחר האָט מיט גליק
אַהײם זיך אומגעקעהרט צוריק
און יעדערען בעזונדער
האָט ער דערצעהלט די גרויסע װאונדער
פון דעם, װאו ער איז אויסגעװען,
און װאָס ער האָט געזעהן,
אַביסיל אֶמת און אַביסיל ליגען...
הײַנט װאָס איז זיך, איך בעט אײך, דאָ צו קלינגען?...
אַ מענש, אַ בָּשָׂר־וָדָם—זאָגט אָב אַ מאָהל אַ ליגען...
אײן מאָהל, שפּאַצירענדיג אין פעלד,
האָט ער דערצעהלט
זײַן חָבֵר אַלע נִסִים פון גאַנץ װעלט:
„איך זאָג דיר, ברודער,
בײַ אײך איז דאָ אַ שיף אָהן אַ רודער...
דאָ גיט די זון אַ שײַן
גאַנץ העל און פײַן,

## אזן באַלד

חעֶרט ווידער קאַלט...

אזן דאָרט, דו מענסט מיר גלויבען,
איז אַ גַן-עֵדֶן אונטען אויף דער ערד אזן אויבען...
אַ זומער אַלע מאָהל אַ גוטער:
ווער וויסט דאָרט פון אַ לאָמפּ צו פון אַ פּוטער?...
איך זאָג דיר ריכטיג:
די נאַכט איז, ווי דער טאָג, דאָרט ליכטיג,
די זון האַלט אין איין גלאַנצען, —
היינט גרינסען האָבען זיי אזן פלאַנצען:
מען אַקערט ניט, מען זייהט ניט דאָרטען, —
אזן אומעטום אַ שענער גאָרטען...
אין ראָם*), אַז כ'בין געחען,
האָב איך אַנ'אזנערקע געזעהן...
רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!
איך בין פון וואונדער שטעהן געבליבען, ווי אַ גוֹלֶם —
גרויס. נאָר סַכָּנוֹת —
אָט ווי אַ באַרג אויף מיינע נֶאֱמָנוֹת"...
— גרויס, זאָגסטו ווי אַ באַרג?!...
זאָגט איהם דער חָבֵר, איך פערוואונדערט שטאַרק —
נו, מילא: יעדער אָרט באַזונדער
האָט זיינע וואונדער...

*) ראָם — א שטאָדט אין איטאליען.

דו װײסט אָפּשר, אַז ס'האָט
אױך אונזער שטאָדט
אַ װאונדער?... האַרף נאָר, ברודערל, אַ בליק
אױף יענע בריק.
װאָס ס'ליגט איבערן טײך...
דו מײנסט נעחים
אַז ס'איז
אַ בריק צו אַלע בריקען גלײך? —
האָסטו, בּמחילה, ברודערל, אַ טעות:
עס איז אַ בריק מיט נסים ונפלאות..
אַ פּוס, אַז ס'שטעלט אַ ליננער אױף דער בריק,
דערלעבט ער שױן ניט קומען מעהר צוריק...
די בריק װערט אײנגעזונקען,
און ס'װערט דער לינגער גלײך דערטרונקען.
— הער, זאָג מיר, איז בײ אײך
אַ טיעפער טײך?
— אַ סבָרא.
פונקט, װי אַ ים טיעף... אָהן עין־הרע,
אָט זעהסטו, אַז מען קען
ניט נור אין חוץ־לָאָרץ װאונדער זעהן...
אַנ'אונערקע, גרױס װי אַ באַרג, איז אױך אַ נס אַ שענער...
— כ'מײן, װי אַ באַרג—אַפּולע קלענער. —
נאָר אַלץ אודאי גרױס,
פונקט װי אַ הױז...

נו, אויך נישט קשה—אָבער אונזער בריק...
אָט מיט אַ יאָהר צוריק
האָט זי געזונקען
און ס'האָבען זיך דערטרונקען
— מְחַבְּרִים צווי און אונזער שנײַדערִיל רְפָאֵל...
עס הײסט, איך ווער נִתְפָּעל
פון יענע אונערקע, וואָס איז, ווי די זאָגסט גרוים
פונקט ווי אַ הויז...
— עט, אויך מיר דאַרטען הײַזער, שטיבער!...
איך זאָג דיר גריבער...
ניטאָ קײן ברײט קײן לײַנג,
פאַר דרײַען איז שוין ענג...
— פאַרט איז אַזאַ מין אונערקע ניט קלײן,
אויף װעלכע צווי איז גרינג צו שטײן...
נאָר לאָמיר שמועסען צוריק
מִכֹּח אונזער בריק...
בעשיץ נאָט און בעהיט,
אַז ס'מאַכט אַ לינגער צווי־דרײַ טריט...
אַודאַי, איז דײַן אונערקע פון דים
אַ מַתְּנַת־אֱלֹהִים...
— הער ווײסטו וואָס? ס'געפעהלט מיר עפּיס ניט די בריק,
אָט לאָמיר בעסער געהן צוריק...



# דער וואָלף און די קאַץ.

אַ וואָלף האָט זיך געטהאָן אַ וואָרף
מיט איםפּעט אין אַ דאָרף—
אַודאַי ניט „גוט יום־טוב" בּיטען,
זיין פעל האָט ער געוואָלט פערהיטען:
עס האָבּען איהם פון זיין געלעגער
אַרויסגעטריבּען יעגער
ער האָט געמאַכט אַ פּליטה
און אין אַנ'ערשטע לאָך אַ ברתּיטע
וואָלט ער אַנטלאָפען,
נאָר ס'האָט אַ מכשול זיך געטראָפען:
די טעשׂה האָט געשעהן פאַרנאַכט
ווען טהיר און טויער איז געווען פערמאַכט...
ער לויפט און פיהלט, אַז ס'דונערט הינטער איהם
און ס'בּליצט.
און מיט אַ מאָהל דערזעהט ער אויף אַ פּאַרקאַן, זיצט
אַ קאַץ און שטיל
זינגט זי איהר „שיר שׁל יום" מיט גרויס געפיהל
און קלײַבּט, ווי ס'חיזוט אוים, פערגעניגען
פון שעהנעם נגון.
ר' וועלוועלע, פון פּחדים שוואַרץ,
זאָגט צו דער קאַץ: „מיין קרוין, מיין האַרץ!

קענסטו דאָ ניט אַ נוטצען פּויער,
וואָס זאָל מיר עפענען אַ טויער?
מען וויל אויף מיר זעהן אַ נקמה.
מען לויערט אומעטום אויף מיין נשמה...
— ר' חאַצקעלע ווייזט דאָ ניט ווייט—
דאָס איז אַ יוד—אַ זייד...
— פערשטעהסטו, מיט אַ וואָך צוריק,
האָב איך ביי איהם פערחאַפּט אַ ציג...
— נו אויב אַזוי—זאָגט איהם דאָס קעציל—
וואָהנט גלייך אַנטקעגען אונז ר' נעציל.
— עט, לאָז מיך, שוועסטעריל, צו רוה,
ר' נעציל מאָהנט ביי מיר אַ קווה...
— טאָ ווייסט איהר וואָס, ר' וועלוויל?
באַלד לינקס אין געסיל וואָהנט ר' זעלוויל:
אַ יוד אַ פרומער און אַ גוטער,
אַ האַרץ, איך שווער אייך, ווייך ווי פּוטער...
— ר' זעלוויל טאָר פון מיר ניט וויסען:
כ'האָב מיט אַ קעלבעלע ביי איהם פערביסען.
— נו אויב אַזוי, איז, פעטעריל, פון אייך אַ שטות,
וואָס ס'ווילט זיך אייך געפינען דאָ אַ זכות...
איהר טאָרט אויף גוטס אין אונזער דאָרף ניט האָפען;
וויל ווי מען בעט זיך אוים, אַזוי קומט אוים צו
שלאָפען...



# צוויי חדר־ייִנגלאַך.

װײסט װאָס איך װעל דיר זאָגען שמערקע? אײדער
מען װעט אַ טרײַב טהון װידער אונז אין חדר,
האָלט זײַן אַ יושר טאַקי באַלד
אַװעקלױפען נאָך ניט אין װאַלד...
— נײַן, בערקע, ס׳זענען נים אַזױנע
נאָר טאַקי „לא עלינו“...
די בױמער זענען הױך װי „עוג מלך הבשן“...
כ׳מײן בעסער קױפען פאַר אַ צװײ־דרײַ גראָשען.
— ביסט נאָר אַ טפּש, זײַ מיר מוחל,
מען דאַרף צו אַלץ אַ ביסיל שכל!...
דו, שמערקעלע, זײַ קלוג:
העלף מיר זיך זעצען אױף דעם ערשטען פוק,
און איך װעל שױן אין גיכען
גלױב, װאַמער װי עס איז דערקריכען“...
און אונזערע קונדסים שטעלען פּיס —
הײַדא—נאָך ניט.

מײַן בערקע העלפט זײַן חבֿר מיט אַ גרונד:
ער װערט אַן זײַן געזונד,
ער פרײַכט און שװיצט —
און גאָט צו דאַנקען: שמערקע זיצט
הויך אויף דעם בוים און רײַכט,
און קנאַקט און בײַסט —
אַן'אָמת'ער גן־עדן!...
כ'װעט קלעקען נים פאַר בײַרען...
מײַן בערקע װאַרט אויף גרויסע גליקען:
איהם װילט זיך מיט אַ ניסעלע דערקװיקען
געשמאַקע נים — אַ גרויל!
עס לויפען סלינקעס נעביך איהם פון מויל...
גאָר גאָר לחנם װאַרט ער,
אומזיסט נאַרט ער...
מײַן שמערקע האָט אַלײן געגעסען.
אָן בערקען זיך פערגעסען...
דערפאַר האָט ער איהם מיט אַ פולער האַנד
געװאָרפען שאָלאַכץ נאָך אַנאַנד.

עס זענען נאָך דאָ הײַנט
אַזוינע גוטע פרײַנד...
מען טהוט זײ אַלדאָס גוטס
פון זײ איז אָבער װעניג נוץ...

# אַ כַּלָה—אַ בּראַקירעקע.

עס האָט אַ בלוט-יונג מײדעל מיט גדן
געזוכט אַ מאָהל אַ מאַדן.
ס'איז גאָר קײן עולה נימ.
חוּל דאָס חײם יעדער יוד,
אַז ס'איז נימאָ קײן פּעולה,
װען ס'זיצט אויף טאַטע-מאַמעס קארק אַ בּתולה. —
זי האָט אָבער געװאָלט,
ס'זאָל זײן דער חתן ממש פון גין-גאָלד
שעהן װי די גאַנצע װעלט.
מיט ראָטשילדס געלד,
און קלוג, װי שלמה המלך,
זאָל, װי אַ פויגעלע—זײן פרעהליך,
ס'הײסט על כּל פּנים,
מיט אַלץ זאָהל ער איהר זײן געראָטען
און נאָך דערצו געקנאָטען
פון גאונים און רבּנים. —
הײנט נעהט זיך קלײנען
אַזאַ מין אוצר איהר צו קרײנען...

## מײַן בְּתוּלָה

יעהט גראָד חֲתַנִים׳לאַך אַפּולע:
עס לויפען יונגע לײַט צו איהר,
ס׳פערמאַכט זיך ניט די טיהר —
די שענסטע און די בעסטע,
יַחֲסָנִים גרעסטע...
פאַר זײַ האָלט זײַן אַנ׳אַנדערע צוברענט,
זײַ צונעחאַפּט מיט בײדע הענד;
נאָר אונזער כַּלָּה איז פערפיהרט,
זי זיצט זיך און בראַקירט...
בײַ דעם געפינט זי, איז צו געל די באָרד,
און יענער זאָגט אַנ׳איבעריגעס וואָרט,
אָט דער איז צו בלאָנדין און יענער צו ברוּנעט,
ס׳איז דער צו דאַר, און יענער איז צו פעט,
דער איז אַ יַחֲסָן,
איז אָבער קלײַן געוואַקסען,
דער איז צו יונג און יענער איז צו אַלט—
בְּקִצוּר, ס׳איז אַ גוואַלד!
עס לויפען זיך די טעג —
5 יאָהר אַוועק
חֲתַנִים געהען, נור עטוואָס דערונטער···
מײַן כַּלָּה׳לע איז אָבער אַלץ נאָך מונטער
און זאָגט זיך קאַלט:
„ב׳בין, גאָט צו דאַנקען, נאָך ניט אַלט...



מיט מײַן גבֿן

װעל איך שױן קרינגען נאָך מײַן גוסט אַ מאַהן"...

עס לױפֿען יאָהרען ;

חתנים װענינער געװאָרען ...

אַך ! אונזער מײדעלע איז שױן אַ מױד ,

די בעקעלאַך שױן מעהר ניט אַזױ רױט ,

פֿון איהרע חבֿרה'עס שױן װײַבלאַך דאָ אַפּולע

און זי ... זי זיצט נאָך אַלײן אַ בתולה ...

דער עסק הױבט איהר אָן דערעסען :

מען האָט זיך נאָר אָן איהר פֿערגעסען ...

און אַנבֿ איז דער שפּינעל איהר רוצח ,

פֿערפּינצטערט איהר דעם מוח :

ער גיט איהר אָנצוהערען ,

אַז ס'איז אין קנײטשען שױן איהר שטערן ...

עס לױפֿען גיך די טעג ,

עס װערט איהר אומעטיג , אַ שרעק ...

אַז זי בעמערקט אַ פּאָר

גראָאינקע האָר ,

און טאַקי , ס'הײַסט , כּאמת װײַסע ,

װאָס טהו זיך , שׂונאי ישׂראל , אַן אַ מעשׂה ...

אַמאָהל פֿלעגט זי אױף בעלער גלאַנצען ,

און אָהן אַ שיעור מיט קאַװאַלירען טאַנצען ...

איצט , אַך און װעה איז צו די יאָהרען ,

זי איז אױס מענצערקע געװאָרען ...

אוים נאָוה—זי איז שטיל פונקט ווי אַ טײַבעל
אָי, ווילט זיך איהר שוין זײַן אַ ווײַבעל . . .
און סוף-כּל-סוף איז אונזער בּתולה
צופרידען
אַז זי בּעקומט אַנ'אַלטען יודען ,
וואָס האָט אָנשטאָט אַ פּוב... אַ קוליע .



# דער פוקס און דער וואָלף.

אַ פוקס האָט זיך מיט הינדלאַך אָנגעגעסען
און אַנב-אורחא ניט פערגעסען
זיך עהרליך צו פערזאָרגען
מיט פעטע הינדעלאַך אויף מאָרגען...
אַ זאַטער לייגט זיך אונזער פוקס אין היי
און חאַפּט אונטער דעם בלאָען הימעל
נאָר אַ געשמאַקען דרימעל
אויף אַ שעה צוויי...
ער כאַפּט זיך אויף און זעהט עס געהט אַ נאַסט —
אַ וואָלף, וואָס האָט מַשמעות, לאַנג געפאַסט...
— שלעכט, ברודערל, איך שווער דיר, בּנאמנות,
אַז כ'האַלט שוין לאַנג אַ שווערען תּענית...
די בייזע הינד, עס זאָל אַ קרענק זיי לייגען,
זיי היטען מיך מיט טויזענד אויגען:



דער קארגער פאסטוך היט
מײַן ײדען טרײַט···
זײַ װילען אלע זעהן אויף מיר נקמה,
חאטש נעהם און שפּײַ אויס די נשמה.
— װאס טהוט מען? — זיפצעט מיט רחמנות
דער זאטער פוקס.—בײַ מיר איז אויך א תענית···
מסתמא איז פון בורא
אויף אונז א גזרה···
מײַן הארץ, שװער איך דיר, טהוט מיר װעה
פאר דיר. מײַן פרײַנד··· נא, נעהם א ביסיל הײַ!···
ס'איז אויך אפילו א נדבה
נאר כ'װיל דיר טהון א טובה".
ר' װעלװעלען גלוסט זיך נעביך פלײַשיגס עסען,
נאר אין די הונגער האט זײַן פרײַנד פערגעסען.
דער פוקס האט נאר געלײַנט אויף איהם רחמנות
און ער איז פארט געבליבען בײַ דעם תענית.





# צוויי הינד.

עֶס האָבּען אויף די זון אַמאָהל געוואַרעמט זיך

פונקט נעבּען קיך

צוויי הינד—פאָלקאָן און זײַן „זעמליאַק" באַרבּאָס.

אַוַדאי וואָלט דער בַּעל־הַבַּית

געוואָלט, אַז ס'זאָלען בּעסער זײַנע כְּלָבִים

זײַן הויף גוט היטען פון גַנָבִים,

נאָר זיי זאָגען געוויסען שוין זאַט,

און גלאַט —

געהן בּילען אין דער וועלט אַרײַן

איז פאַר אַ הונד אַנ'אײַדעלען ניט פײַן,

דעריבּער זענען זיי געזעסען זיך נאָר שטיל

געשמועסט מיט געפיהל

— נוואלד—זאָגט פאָלקאָן—וואָס איז נאָך אַזוי שעהן.

ווי צוויי חֲבֵרִים אֶמֶת'ע צו זעהן

מַה טוֹב וּמַה נָעִים—ווי גוט עס איז, ווי זיס —
דעם פָּסוּק ווייסט דו דאָך געוויס...
מען איז מיט אַלץ צופרידען,
מען לעבט אין פרידען,
מען קוקט זיך תּמיד אין די אויגען
און מען איז גרייט צו פליהען, ווי אַ פייל פון בויגען
עק וועלט,
אַז דו בעמערקסט, דאָס חבר עפּיס פעהלט...
מען טהוט זיך שטענדיג קליינען
פערשאַפען איהם אַ פערגעניגען...
אָך, כ'לעבען
ס'וואָלט גוט געווען, מיר בײדע זאָלען אַזוי לעבען:
אין ליעבע און אין שָׁלוֹם,
ס'איז יעדע רֶגַע, ווי אַ זיסער חָלוֹם...
— הער, ווייסטו וואָס?
שרייט אוים באַרבאַס—
כ'בין מוּכָן וּמְזוּמָן
צו הילף דיר קומען.
און טאַקי, לאָמיר שמועסען צוריק:
וואָס קומט אַרויס פון קריג?
טאָג-איין-טאָג-אוים זיך רייסען
און בייסען...
די גאַנצע וועלט זאָגט, אַז אין גרונד
איז נאָר אַ הונד

טריט מיט אַנ׳אֶמֶת:

מען טהוט זיך מיט אונז בענשען—
ביי אונז איז אָבער, ווי ביי מענשען,
ניטאָ אויף אחדות קיין שום רֶמֶז···
טאָ לאָמיר לעבען, אַלעמען לְהַכְעִיס,
אין שָׁלוֹם און אין נַחַת···
זאָל אונזער אַחדות זיין אַ חֹק וְלֹא יַעֲבוֹר...
— נו, גיב־זשע מיר דיין לאַפּע, ליעבער חָבֵר!...
— מיין קרוין, מיין גאָלד,
ווי כ׳האָב דיך האָלט. —
— מיין גְדוֹלָה!--מיין גַן־עֵדֶן!···
ס׳וועט קיינער אונז ניט שיידען, —
-- מיין אוֹצָר! — מיין נֶחָמָה!--
— מיין דימענט! — מיין נְשָׁמָה! —
און מיט אַמאָהל וואַרפט מען אַרויס
אַ פּעטען בּינדיל פון אַ הויז,
און מיינע הינד...
עהע! זיי לויפען שוין נעשווינד...
ס׳וויל יעדער פריהער דעם נעשמאַק דערטאַפּען
פאַר זיך דעם ביין פערחאַפּען...
ס׳ווערט אַ נעפּילדער
אַ ווילדער. —
די „פריינד“ פערנעסען באַלד פון אַלץ:
עס נריזשעט איינער שוין דעם אַנדערען די האַלז...



נאָך אַ מינוט

עס גיסט זיך בלוט...

מיט וואַסער האָט מען בטדען

מיט צרות קוים געקאָנט צו שיידען. —



ס'איז אויך צווישען מענשען מי יודע

וואָס פאַר אַ ליעבע. —

נאָר ווי עס קומט צו דער מסבּה,

איז גלייך אוים שלום—חבה...

געשווינד

צורייסט מען זיך, ווי הינד. —





# דער פוקס און די ווײַנטרויבען.

אַ פוקסיל געהט פאַרבײַ אַ גאָרטען
און ווײַנטרויבען דערזעהט ער דאָרטען...
איהם ווילט זיך זעהר געניסען
פון דעם געשמאַקען זיסען
ער האָט אַנ'אַפּעטיט אַ שטאַרקען,
נאָר ס'איז צו הויך דער פּאַרקאַן, —
ער קוקט אַהין, אַהער —
אַרײַנקריכען איז זעהר שווער...
— עט — זאָגט ער — כ'מײַן,
די פּירות זענען נאָר פון ווײַטען שעהן...
עס קאָן זײַ נאָר ניט עסען קײנער,
ווײַל הײַליג מאַכען זײַ די צײנער. —

ס'איז מדאורײַתא
אַנ'אַלטע מעשה:
פון דעם, וואָס ס'קומט אונז שווערליך אָן,
גלײַך מאַכען מיר „אַ האָן“.—



# דער קוואַרטעט*).

אַ שטיפּערקע אַ מאַלפּע,
ס'חזיז אוים נאָך ניט קיין אַלטע,
אַ חמור, אַ פערשטאַטען בור, אַ באָק
און אַ געזונטען בער האָט אין אַ שעהנעם טאָג
פערגלוסט זיך געבען אַ קאָנצערט...
זיי האָבען אויסגעזוכט פון אונטער ד'ערד
כלי־זמר, נאָטען,
ווי גאָט האָט געבאָטען,
אַ באַס, אַנ'אַלט, דערצו צוויי פידלאַך
און מאַקי באַלד גענומען שפּילען לידלאַך...
זיי זענען מרעיש עולם
זיי אַרבייטען אויף אַלע כלים,
נאָר ס'איז אַיין צרה:
ס'טוינט דער קאָנצערט אויף אַ כפּרה...
„האַלט, חברה, האַלט!
שרייט אונזער מאַלפּע מיט אַ גוואַלד—
איך הער, אַז אונזער שפּיעלען, ברידער
נעהט קיידער־ווידער. —
שטעהט! איך נעמין,
אַז אונזער זיצען איז ניט על־פּי־דין —

*) קוואַרטעט—פיער מוזיקאנטען, וועלכע שפּיעלען צוזאמען איין זאך.

ר׳ בעריל! הויבט זיך אויף, זענט מוחל,
װײל על-פּי-שׂכל,
איז קלאָר, פּונקט װי דער טאָג,
אַז איהר דאַרפט זעצען זיך אַנטקעגען באָק. —
אויך איך װעל אָהן אַנ׳איבערײַנגען װאָרט
מיט מזל בײַטען גלײַך מײַן אָרט...
און דערנסטמאָהל, מיר שוין אַזאַ יאָהר,
װאָס ס׳װעט בײַ אונז זײַן פּאַר אַ כאָר···
עס װעלען אַלע קװעלען
און גאָז און אויערען אָנשטעלען״. —
מען זעצט זיך איבער און מען פּויקט מיט כּח,—
נאָר ס׳האָט אַלץ ניט קײן טעם און ניט קײן ריח. —
- װאַרט, חבֿרה! ניט צו זײַ
דער חמור אַ געשרײַ! —
גו, דאַנקען גאָט,
איך װײס שוין איצט דעם גאַנצען סוד. —
ס׳װעט נעהן אונזער קאָנצערט בּשורה, —
אויב מיר װעלען זיך זעצען אין אײן שורה. —
אַ סוף, אַג׳עק...
מען זעצט מיט דרך-ארץ זיך אַװעק.
נאָר ס׳האָט דאָס שפּילען אַלץ ניט קײן ממשות —
ס׳פאַלט פּשוט צו חלשות...
מען הויבט זיך װידער אָן צו קלינגען,
מכּח קרטער זיך צו קרינגען:

מען זעצט זיך באלד אַהין און באלד אַהער,
נאָר דער קאָנצערט גערט אַלץ צו שווער. —
און מיט אַמאָהל דערזעהען זיי
אַ סאָלאָווע...
„זעה, גוטער ברודער, זאָג,
וואָס איז מיט אונז דאָ פאַר אַ קלאָג? —
כְּלֵי־זֶמֶר האָבען מיר און נאָטען,
נאָר מַעֲשֶׂה שָׂטָן...
איז דער קאָנצערט פאָרט ניט געראָטען. —
מיר סטאַרען זיך, מיר שוויצען.
גיב, ברודער, אונז אַנ׳עֵצָה,
ווי זאָלען מיר דאָ זיצען?"
דער סאָלאָווע
קוועטשט מיט דער פּלייצע
און מאַכט אַזוי:
„צו זיין אַ מוזיקאַנט
בעד[illegible]ף מען קודם־כָּל, רַבּוֹתַי, האָבען
אַנ׳אֱמֶת׳ן טאַלאַנט
און אויך אַנ׳אויער ניט קיין גראָבען...
איהר אָבער, זעצט זיך וואו איהר ווילט,
פון היינט ביז מאָרגען שפּילט,
זאָג איך אייך שוין פאָראויס
אַז ס׳וועט קיין רעכטס פון אייער שפּילען ניט אַרויס...



# די קאַץ און דער סאַרווער.

ר׳ נעצילע, אַ סאַרווער אַ בריאַק, אַ כרען,
איז אַ בעל־שמחה פריטאָג גראָד געווען!
ער האָט געהאַט אַ יאָהרצייט נאָך אַ זיידען,
זאָל האָבען דאָרט אַ ליכטיגען גן־עדן.
די אַרבייט ליגט ער אָב אין קיך
לויפט, ווי אָהן זיך
(מען זאָל חלילה נאָך אין שול ניט קלאָפּען)
ער וויל אַ מנחה כאַפּען.
אין קיך דערווייל פאַר אַ שומר־חנם לאָזט ר׳ נעציל
דאָס ווייסע קעציל.
ער קומט צוריק
מיט גליק,
ניט אַרום זיך אַ בליק —
עהע! אַ פיינער עסק:
נאַ! קעציל רייסט אַ הינדעל מיט גרויס חשק,
נאָר מונטער,
און זינגט נאָך אונטער...

— דו, פּראָפעסאָר דו, דו הולטאַי! אַ קרענק דיר אין די זײַטען!
ס'טײַטש, שעהמסט זיך ניט פאַר לײַטען?...
שרײַט נעציל
מיט כּעס אויף דאָס קעציל.
— ס'טײַטש, האָסט אָן יושר נאָר פערגעסען?
(דערווײַל האַלט קעציל אין אײַן קסען)
עס פלעגען מענשען
מיט דיר זיך בענשען. —
און איצט? אַ קלאָג צו דײַנע יאָהרען!
וואָס איז פון דיר געוואָרען?
לײַטישע און לאַנגע צינגער...
מען וועט אויף דיר איצט טײַטלען מיט די פינגער:
אָט איז דער כּל־בוֹ'ניק,
דער גנב, ימח־שמו'ניק!
מען טאָר איהם אין אַ יודיש הויז ניט האַלטען,
דעם מח דאַרף מען איהם צו שפּאַלטען...
ער איז אַ כּופר בעיקר.
אַ פּראָפעסאָר און אַ שכּור.
(מײַן קעציל הערט די פײַנע דרשה,
און רײַבט די סעודה נאָר נישט קשה).
ר' נעציל איז צו היצט,
ער דרשנ'ט אָהן אַ סוף און שוויצט,
און קעציל זיצט

דרעַהט פרעַהליך מיט'ן עָקיל
קלייבּט יעֶדעָם בּרעָקיל,
מיט קעָציִשעֶ הַעזוֹת
און לאָזט פון הינדעָל ניט אֲפילוּ אַ „כַּזַיִת״...

---

ר׳ געָציל, פעֶ, חָלָשוֹת!
וואָס טוּינגען אייך די דְרָשוֹת...
בְּנֶאֱמָנוּת, אָפּטמאָהל, איז דער בּעָסטער פְּשַׁט —
אַ „מַתְּנַת-יַד״...



# דער ישובניק און דער פוקס.

— ערקלער מיר, פוקסעלע, מײַן גאָלד
וואָס האָסטו אַזוי האָלט
בשתיקה נגבֿ'ענען די הינער? זאָג, וואָס טויגען
אַזוינע מיאוסע עסקים? אונטער פּיער אויגען
מוז איך דיר אויסזאָגן אַ סוד
אַז דאָס איז מיאוס אי פֿאַר גאָט
און אי פֿאַר לײַטען. —
היינט אַגב ברעכט מען דאָך די זײַטען
אַז ס'טרעפֿט זיך און מען כאַפּט דיך בײַ דער האַנד,
ריין האָט יסורים, קלעמעניש און שאַנד...
דיר בײַ מײַן באָרד און פּאות
גם דער עסק ניט לכל-הדעות...
— אַוודאי! זיפֿצט דער פוקס זיך אָב
און לאָזט אַראָב דעם קאָפּ:
ס'זאָל קיינער פֿון אַזאַ חיונה גאָר ניט וויסען. —
ס'נעהט פּשוט מיר ניט איין דער ביסען...

איך פיל אין עסען אָפּט אַ טַעַם
פון נאָלען סַם...
און אַדרַבָּא,
איך שווער דיר בײַ מײַן עולם־הַבָּא,
כ'וואָלט גערן געהן בְּדֶרֶךְ־יָשָׁר,
און לעבען כָּשֵׁר
נאָר שולדיג איז דער בייזער נויט...
די פְּלוֹנִית'טע און קינדער בעטען ברויט...
היינט אַנַב, לאָמיר שמועסען פערקעהרט;
איך בין דען גור איין גַנָב אויף דער ערד? —
נאָר וועלען וויל איך בעסער לעבען שווערליך,
און ערליך...
— אַ פָּנִים? — קלאַפּט זיך עַל־חֵטְא,
נו, מֵילָא, קורץ גערעדט!
איך וועל
דיר געבען, אויב דו ווילסט, אַ שטעל:
צוזאַמען היטען דאָ מיט מײַנע בְּלָבִים
די הינער פון גַנָבִים...
דערפאַר
וועסט חִיוּנָה האָבען זיך אָהן צַעַר...
פון פויגעל מילך וועט דיר ניט פעהלען,
וועסט קוקען זאָג איך דיר און קוועלען...
מײַן פוקסיל נעהמט די הינער היטען,
דער בַּעַל־הַבַּיִת איז שטאַרק צופרידען,

עֶר שטאָפּט דעָם שׁוֹמֵר'ס גוּף
מיִט כָּל־טוּב ...
רעָם פּוּקס קריִכט שׁוין פוּן האלז,
נוּר עֶר איז אַלין
אַ מָרָה־שְׁחוֹרָה'ניִק, פּעֶרקלעֶרט ...
אוּן סוֹף־כָּל־סוֹף, רַבּוֹתַי! העֶרט!
האָט דעֶר בַּעַל־תְּשׁוּבָה אָן „לֹא תִגְנוֹב" זיך פּעֶרגעֶסעֶן
אוּן האָט בּיַים בַּעַל־הַבַּיִת די היִנעֶר אויפגעֶגעֶסעֶן.





# דער העכט.

אין סוד האט מען אַ העכט אַ מאהל פערקלאָגט
אַז ער צופרעסט, צושטיקט, צוואָגט
טאָג איין, טאָג אויס
די פישעלאַך די שוואַכינקע דורכאויס.
דעם עולם-הזה'ניק, דעם נאַשער,
האט מען געבראַכט צו בית-דין אין אַ שיסעל וואַסער,
בעקוקט איהם אין דער ברייט און אין דער לײנג,
גע'משפּט שטרײנג...
(כ'געדיינק נאָך עד-היום די נעמען,
װעמען
מען האט דאן פאר דיינים אויסגעקליבען—
זיי װענען גראָד ביי מיר פערשריבען):
חמורים צוויי, צוויי אַלטע פערד,
צוויי בעק מיט לאַנגע בערד. —

און „פּראָקוראָר" איז דאָ דער פוקס געווען...
עס האָבען ליַיט ניט איין מאָהל שוין געזעהן,
ווי ס'פּלעגט דער העכט בסתר צו זיַין פיש
אָפּט ברייַנגען לעבעדיגע פיש,
נאָר די דיינים,
זעגען געווען אַ פּנים
ניט קיין „נושׂאי־פּנים"
און דעם פּסק־דין געשטעלט: „למען דעת
לאָז מען דעם העכט, דעם גזלן, ברייַנגען,
און הייַנגען
אין מיטען גאַס"...
— עט! ניט דער פוקס מיט כעס אַ געשריי —
אַז אָך און וועה!
וואָס דאָס איז פאַר אַ שטראָף!...
געהאַנגען און אַ סוֹף...
און איך וואָלט וועלען,
ער זאָל זיך פאַר'ן טויט נאָך קוועלען
דערטרינקען דאַרף מען איהם, דעם גאַשער!
אין וואַסער".
די שופטים זאָגען: „יעָ! דו ביסט גערעכט!
און מ'וואַרפט אַריַין אין וואַסער אונזער העכט.





# די ווערוויקע.

~~~~~~

אַ וועווריקע איז בײַ אַ לײַב אין דינסט געווען,
האָלט איך אײַך ווינשען זען
ווי טרײַ זי האָט געדינט!
און אַנב נעהט, געפינט
אַן'אַנדערע, ווי זי, אַ לויפּערקע אַ פלינקע,
אַ פרעהליכע, אַ גרינגע...
זי אַרבײט אָהן אַ סוף
ווײסט ניט פון עסען, פון קײן שלאָף...
צופרידען איז דער לײַב און קוועלט:
אַ דינסט, נאָר אײנע אויף דער וועלט...
ער גיט איהר אָפט אַ קניפּ אין בעקיל
און זאָגט איהר צו שענקען נים אַ נאַנצען זעקיל,
און נים; בעדאַרפט איהר ווייסען, האָט אַ וועווריקעלע האָלט,
פונקט, ווי אַ קאַרגער גאָלד...
זי אַרבײט נאָך מיט מעהר כּוונה:
אַ קלײניגקײט, אַזאַ מתּנה!
~~~~~~

די טעג
דערוויילע גייען זיך אוועק,
זיי ווארט,
זיי נארט,
זיי וויל שוין זוכה זיין די ניס צו עסען.
דער לייב אבער האט, ווי ס'ווייזט אויס, גאר אן איהר
פערגעסען...
זיי זעהט אפט איהרע חברת'עם אין וואלד,
און ס'ווערט איהר קאלט. —
זיי לייגען ניס אין בײדע באקען
און קנאקען זיי, און קנאקען...
אויך זי איז פון די ניס גיט ווייט
נאר ס'איז ניטא קיין צייט. —
מען טרייבט זי אום, עס ברענט,
עס פאלט איהר פון די הענד...
עס לויפען זיך די יאהרען
די וועווריקע איז אלט געווארען:
זי איז שוין מעהר ניט אזוי גרינג
און פלינק. —
זי האלט זיך קוים אויף איהרע אלטע פיס...
דער לייב בעפרייט זי מיט א זעקיל ניס,
און שיך ניס! איך זאג אייך איינער אין איינער...
נאר וואס? נעה, קנאק, אז ס'איז ניטא קיין ציינער!...



# דער גוטער פוקס.

א פוינעלע דערשאסען האט א יעגער...
(ער האט דעם ביקס — מסתמא מעג ער)
— דאס וואלט נאך אפשר זיין א האלבע צרה,
גאר ס'איז א סברה,
אז ס'זענען דריי יתומים'לאך געבליבען...
אין נעסט...
דער אלמן האט זיך שוין ארומגעטריבען
אין נעסט...
מישטיינס געזאגט, צו וואס די מעגער טוינען? —
וואטש שטעך זיי אוים די אויגען...
בפרט א יונגער!
איהם ארט ניט, וואס עס געהען אוים פון הונגער
די קינדערלאך... א דאגה זיינע!
קיין „שבעה" ניט געזעסען
און שוין דאס ערשטע וויב פערגעסען
אונ זוכט שידוכים פיינע...
די קינדער קוויטשען און ליארמען,
אז ס'זאל זיך נאט דערבארמען...
דערוויילע האט געטראפען,
אז ס'איז א פוקס פארבייגעלאפען;
דערהערט, עס קוויטשען פוינלאך,
פערדייסט ער די פערברענטע אוינלאך,

װערט גלײַך נתפּעל

און שרײַט מיט קולות: „שמע ישׂראל"...

„איך קען

— זאָגט ער—ניט זעהן

דעם צער פון די יתומים...

איך װער נשתּומם:

אַ גרויסע װעלט—און העלפען װיל ניט קײנער...

ניט הערצער—עפּיס האַרטע שטײנער!...

דו, קיקוק, פליהסט אַרום

אָהן אַרבּײַט אומעטום—

פון חסיה'ן

צו בּתיה'ן...

װי קענסטו צװערן דאָס און שװײַגען

און פאַר די עופ'עלאַך ניט דאגה'ן?

עס װעלען דײַנע פעדערלאַך אין גניבען

שוין סײַ-װי-סײַ אויסקריכען:

איז גלײַכער—ס'װעט דיר זאָגען יעדער—

אַז דו זאָלסט לאָזען אויספּליקען פון זיך אַ פעדער—

װעט בלײַבען חאָטש פון דיר אַ זכר:

ס'װעט זײַן די עופ'עלאַך צו שלאָפען װײכער...

דו, ליעבער שװאַלב, פליהסט אויך

סתם הענדום-פּענדום אין דער הויך—

זעה אדרבּא

זיך אײַנקויפען אין עולם-הבּא.



קלויב קערענדלאך צו זאמען

און זאלען זעהן אין דיר די עופ'על'אך א מאמען...

דו, סאלאחעטשיק, זינגסט דאך הפלא—פיין,

דעריבער וואלט א יושר זיין,

דו זאלסט די עופ'עלאך פערחוינען אלע נאכט...

זעהט, פוינעלאך, ניט טראכט,

טהוט אייער מצוה ניכער,

און איך בין זיכער,

אז די"...

נאר פלוצלונג טרעפט זיך א "ויהי":

דער נעסט מיט די יתומים טהוט א פליה

אויף דר'ערד,

און אונזער בעל־רחמנות חערט

אוים מגיד... שארפט די צייגדלאך

און פרעסט אויף די יתומים מיט די ביינדלאך. —

---

היוצא מדברינו?

צדיקים פונקט אזוינע

האב איך געזעהן אפולע אומעטום...

זיי שרייען אז מען דארף זיין גוט און פרום

און זיי אליין, בעדארפט איהר וויסען,

פערדייען נור דעם פעטסטען ביסען...



# די געפינטעלטע שעפסען.

אנ'אומחן האט דער לײב געװארפען מיט א מאהל
אויף יענע שעפסעלאך, בײ װעלכע ס'איז דער װאהל
אין פינטעלאך געװען...
פאר װאס, פאר װען
האט ער געהאט זײ פײנד, —
װײסט קײנער ניט ביז הײנט...
ער װאלט נעקאנט גאנץ גרינג
מיט זײ כפרות שלאגען פלינק...
(א לײב האט דאך די שליטה
און קלאר דערצו אין „הלכות־שחיטה")
נאר ס'פאסט ניט פאר א װאלד:
גאװעטען װעלען שרײען: „געװאלד!
א לײב, א קיסר, א רוצח.
בעװײזט זײן גראבען כח"...
עס װעלען שיטען זיך מאמרים װי א האגיל
מיט משומים אויף זײן שארפען נאגיל. —
די פוסטע שרײבערלאך—זײ מאכען פון א װארט
א קװארט...
ס'איז זײ דאס לעבען נאר ניט טהײער
זײ קענען ברײנגען אויפ'ן פײער —
דער לײב האט פײנד אזױנע זאכען...
שוין גלײכער אנ'אסיפה מאכען,

די זאַך ווי ס'דאַרף צו זײַן באַקלערען

און פון די שעפסען „פּאָ זאַקאָנו“ פּטור ווערען...

ער רופט צו זיך דעם פוקס, דעם בערען...

(דער פוקס האָט שוין געהויזען חריפות

אויף אײניגע אסיפות...

ר' בערלען האַלט דער עולם

אפילו פאַר אַ שטיקיל גולם,

דערפאַר

איז ער אַ גבר

און אויב ער קען ניט געבען קלוגע עצות,

האָט ער געזונדע, גראָבע פּלײצעס,

און איז אײן וואוקס

אַ היפּך פון'ם פוקס)...

אָט דער מזומן

איז זיך צונויפגעקומען...

דער לײב דערצעהלט זײ געשוכטע —

(פון שעפּסען נאָר אַ ניאינקע מסבּהאָ),

„עס פאַלט—זאָגט ער—אויף מיר אַ שרעק,

אַז איך דערזעה די מורא'דיגע פאַרבען...

כ'וואָלט פאַר דער צײַט פון זײ חלילה שטאַרבען...

— אַ סוף, אַנ'עק!

אהין אָדער אהער—

איך וויל ניט וואַרטען מעהר“...

ר' בערל ענטפערט קורץ און שאַרף:

„מען דאַרף
מיט זיי ניט עסק'ען אַפּולע;
עס איז די בעסטע סגולה
צורייסען זיי—און יוצא!"
דער פוקס בעמערקט, אַז ס'האָט ר' בעריל'ס עצה
ביים לייב, ביים פרומען
ניט אויסגענומען,
און זאָגט: „אדוני-מלך, כ'ווייס,
אַז ס'איז דיין חסר גרויס
נאָר אין לשער...
ביי דיר איז יעדע חיה טהייער...
דו קענסט ניט זעהן פון אונז קיין קרומינקע הנייה
און ניט אומזיסט זאָגט יעדע חיה
לכבוד דיר אַ שבח, און ס'וואָלט זיין אַפּולע גלייכער,
אַז דו, דער נדבן און דער רייכער,
זאָלסט אָבטהיילען די שעפּסעלאך אַצונדער
אַ לאַנקע גאָר בעזונדער,
און זאָלען זיי קינדס-קינדער,
להכעיס אַלע שונאים גראָד,
דערציהלען פון דיין גנאָד
און לויבען נאָך...
היות אָבער, ווי ס'זענען פּאַסטוכער דאָ ווייניג,
זאָלסטו, אדוני-קעניג,
צו זיי די וועלף פאַר פּאַסטוכער בעשטימען,

און דאָס וועט זיין דער בעסטער סִימָן,
אַז דו, אֲדוֹנִי-מֶלֶךְ, ווילסט ס'זאָל זיין
אַלץ עַל פִּי יוֹשֶׁר, פֵּיין
און גלאַט...
ר' וועלוויל וועט שוין אלע מאָהל זיין זאַט,
וועט שטאָפּען אין זיין גוף
פון כָּל-טוּב...
ער האָט אַ סוֹד — איך ווייס איהם:
ער מאַכט פון לעבעדיגע שעפּסען מֵתִים...
און קומען וועט אין גיכען אַ יְשׁוּעָה:
קיין שעפּסיל וועט ניט זיין אויף אַ רְפוּאָה...
אַנ'עק מיט די נְקוּדִים
וּבְרוּדִים!
ס'וועט פּשוט זיין „לַיְּהוּדִים!"
און אלע וועלען שרייען פרעהליך:
„אֶי, האָבען מיר אַ מֶלֶךְ!
ער איז אַ פרומער און אַ גוטער,
זיין הַארץ איז ווייך ווי פּוטער,
כָּל-יָמָיו חֲסָדִים טהוט ער,
נאָר שולדיג איז אין אַלץ
ר' וועלווילס פַּרְפָּ'ה האַלז!"...



# דער וואלף צווישען הינד.

ר' וועלוויל האט געוואלט צו שפּסען זיך פערקלייבען,
מיט זיי די צייט א.יסיל צו פערטרייבען,
נאר ס'איז געווען שוין שפּעט בּיי נאכט,
און ס'האט א מכשול זיך געמאכט:
ר' וועלוויל איז פארקראכען נאר צו הינד,
און זיי האבען געשווי..'
דעם גוטען גאסט דערשמעקט
און אלע שומרים אויפגעוועקט...
עס איז געווארען באלד
א ליארם און א גוואלד—
עס רייסען זיך די כלבים,
די שומרים שרייען: „בּרידערלאך! גנבים!
נים ווארט! ס'איז יערע רגע טהייער!...
רבותי! צינדט אן גיכער פייער,

ניט טראַכט,

די טויערען פערמאַכט!"

ר' װעלוויל זעהט פון ווייטען,

מען לויפט מיט העק פון אַלע זייטען...

ער שטעהט ניט לעבעדיג. ניט טויט.

עס ציטערט איבער איהם די הויט...

עס װילט זיך איהם פערהיטען זיינע בײנער. —

ער שטעהט און סקריפּעט מיט די ציינער.

די אויגען ברענען...

אַז ער װאָלט קענען,

װאָלט ער זיי אַלעמען צוריסען.

געשמאַק פערביסען...

ר' װעלוויל אָבער זעהט,

אַז זיין אַ בעסן איז שוין שפּעט. —

„לא מיט אַנ'אַלף"!

עס ליגט שוין אויפ'ן האַלז דער חלף

און גלייבער איז צו קלאַפּען זיך „על חטא". —

ער װיל ס'זאָל אָבגעהן אַלץ בשורה

און, מאַכענדיג אַ פרומע צורה,

זאָגט ער: „רבותי! װאָס איז דער גערודער?

איך בין געקומען, װי אַ גוטער ברודער

מיט אייך זיך דורכרעדען... איך װיל.

ס'זאָל אַלץ זיין פיין און שטיל...

כ'װאָלט װעלען אדרבה

## לְהַבָּא

די שעפּסען אייערע פערהיטען,
מיט אייך צוזאַמען זיין אין מיטען, —
כ'וועל זיין אי גוט, אי פרום
און גיב אַ תְּקִיעַת-כַּף"...
— האַלט, ברודער! שטום!...
שלאָגט איבער איהם אַ שׁוֹמֵר: „כ'וויל ניט הערען
דיין תְּשׁוּבָה און דיין שווערען...
דו ווילסט פון אַלעמען זיין קלינגער?
נאָר איך בין, ברודער, אויך אַ הינער...
כ'פערשטעה אַבּיסיל רָאשֵׁי-תֵּיבוֹת
און כ'חזם די מִדּוֹת טוֹבוֹת
פון אַלע וועלף... דעריבּער האָב איך לאַנג
מיין אַלטען גאַנג:
איך שינד פון אייך אַראָב די פעל"...
און אויפ'ן שטעל
ניט ער אַ רוף צו זיך די הינד,
און יענע מאַכען נאָר געשווינד
פון וועלוועלען אַ תֵּל...





# דער מיהלנער.

בײַ גרונם'ען אין מיהל האָט זיך אַ ברעט צובראָכען,
פערשטעהט איהר, אין אַ מיהל
געהט אויך ניט אַלץ כּשורה, ווי מען וויל...
נאָר ס'לויפען טעג און וואָכען.
דאָס וואַסער געהט אַוועק כּסדר,
עס דרעהען זיך שוין קוים די רעדער,
און גרונם לײַגט ניט צו אַ האַנד;
איהם ריהרט עס, ווי די וואַנד...
עס שרײַען אלע: „גרונם, זעהט!
עס איז דערווײַלע נאָך ניט שפּעט...
ניט זעגט בײַ זיך נעבאַרט...
פערריכט די ברעט, ניט וואַרט!"
נאָר גרונם גלעט די באָרד
און ריהרט זיך ניט פון אָרט...
און ס'קומט דער שענער טאָג...
אַ קלאָג!
די רעדער שטעהען,
זיי ווילען זיך ניט דרעהען...

דער טײַך איז טרוקען —
אַנ'עלענד גאָר צו קוקען...
ר' גרונם שטעהט און לײַענט „איכה",
די צורה איז אַ בלײַכע...
נאָר מאַך עפּים... פערפּאַלען, װי אין װאַסער,
נעה, שלאָג „הושענות" און שרײַ „קול מבשר"...
און שטעהענדיג אַזוי אַ בלײַכער און אַ גרינגער,
דערזעהט ר' גרונם זײַנע הינער,
װאָס שטעהען נעבען טײַך און טרינקען...
„װערט אײַנגעזונקען!
שרײַט גרונם אויס: „ס'איז שוין אָהן אײַך
ניטאָ קײַן װאַסער אינ'ם טײַך
און אײַך האָט דער שװאַרץ יאָהר געבראַכט צו שלעפּען
דעם לעצטען טראָפּען װאַסער אויסצושעפּען. —
ער כאַפּט אַ שטעקעל האַלין און װאַרפט מיט אַלע כוחות
און „עפּעס" זײַנע הינער אויף די מוחות...
און גרונם געהט אַהײם אַװעק
װי אַ בער אָהן אַ נ'עק—
נאָך בלײַכער און נאָך גרינגער,
אָהן װאַסער און אָהן הינער...

# דער וואָלף און די מויז.

ר׳ וועלוויל
האָט פֿרינץ וואו דערטאַפּט א קעלבּיל
און טאַקי באַלד
געמאַכט מיט איהר אַ לֶךְ־לְךָ אין וואַלד
איז אָהן אַ בְּרָכָה, אומגעוואַשען
גענומען נאַשען
און האָט פון דער „הַמוֹצִיא״
געלאָזען אויף אַ דריטע „רָצָה״
(ס׳איז איהם געקראָכען שוין פון האַלז—
געהען אונמעגליך אויפצופרעסען אַלץ)
קאַלופּענדיג די ציינער,
מהוט ער אַ געניץ און ציהט אוים די ביינער
און כאַפּט אונטער דעם בּלאָהען הימעל
אַ דריימיל.
דערווייַלע שפּרינגט אַרוים
אַ מויז,
כאַפּט צו אַ שטיקל פֿלייש, ד. ה. „כַּזַיִת״ גרוים,
און מאַכט אַ פְּלֵיטָה
אין אַ לאָך אַ ברייטע...
ר׳ וועלוויל כאַפּט זיך אויף און שרייט
פערשייט,



לײַנט אײן די װעלט:

„רַבּוֹתַי! ראַטעװעט מיך, נתאלה,

דעם גַזְלָן, דעם רוֹצֵחַ האַלט —

בְּדָלוּת האָט ער מיך געשטעלט!״...



ר' שטערזיל איז אַ פַּרְנָס-חוֹדֶש

און רוקט זיך אַליץ צום אָרוֹן-קוֹדֶש

גענטער.

פאַר „שְׁלִישִׁי״ װערט ער אַ פַערבּרענטער...

אַ יוד, אַ בַּעַל-הַבַּיִת

ער פירט די שטעדטיל פאַרן נאָז...

עס שרײַט אַ װעליז,

אַז כ [illegible]

אַפּוּלע קָהָל׳שע געלד;

נאָר זאָל איהם

פערטשעפּען אײנער חַס-וְשָׁלוֹם

אויף צװײַ-דרײַ גראָשען —

גלײַך עפּענט ער אַ מַעֲנֶה-לָשׁוֹן

און שרײַט, און מאַכט אַ געװאַלד

„דעם גַנָב, יודען, האַלט!״...



# דער ישוב׳ניק און זיין יונג.

פון פעלד איז א ישובניק מיט זיין יונג
געגאנגען בין־השמשות דורך א וואלד...
זיי זעהען, ס׳גייט צו זיי א שפרונג
א בער, א חיה נאר א נוואלד.
דער בער חאפט דעם ישוב׳ניק, קוועטשט איהם שטארק,
און יענער פיהלט, אז ס׳ליגט אויף איהם א בארג.
ר׳ בעריל קנעט איהם פונקט, ווי מען
אהער, אהין א בייג:
ער קען געביך ניט געבען זיך קיין עצה
פון וואסער זייט צו מאכען די „המציא“
און דער ישוב׳ניק שרייט צום יונג: „זוהן, האב רחמנות
און ראטעווע מיך פון די טויט־סכנות
אי, ראטעווע מיך, ליעבער!“
און אונזער בחור׳ל, ווי שמשון־גבור,
הויבט אויף א האק
און גיט א גוטען קנאק

ר׳ בערעלען אין זײט...

ר׳ בערזל שרײַט,

פערװאַרפט דעם קאָפּ

און קומט צו קבר־אָבות

נאָר אָהן קאַטאָװעס.

און מײַן ישוב׳ניק הויבט זיך אויף פון דר׳ערד

און שרײַט צום יונג: „דו גראָבער יונג, דו פערד!

„מיך זידעלט איהר?—זאָגט איהם דער יונג—פאַר װאָס?

כ׳פערשטעה ניט בעל־הבית!״...

— פאַר װאָס? דו טפּש איינער,

אַ קרײַנק אין דײַנע בײַנער...

געזעהן אַנ׳אַקט?...

גלאַט אין דער װעלט אַרײַן ער האַקט—

דו זעהסט ניט, אַז דו האָסט געמאַכט אַ הֶל

פון בערעג׳ס פעל?!...



# דער אָרימער נָגִיד.

„מישטיינס געזאָגט, עס לוינט צו זיין א גְביר
און טרויסלען זיך אויף יעדען פעניג...
ניט דיר—הייסט עס—ניט מיר...
נור האָוען, קלייבען געלד—ס'איז ב"ה אלץ וועניג,
עס געהט ניט איין דער ביסען: געלד און געלד!
ס'איז נור הֲבָלִים,
אַ פוסטער חָלוֹם:
מען געהמט ניט מיט אויף יענער וועלט...
אַז נאָט וואָלט מיר געגעבען,
וואָלט איך שוין וויסען, ווי צו לעבען:
טאָג־איין־טאָג־אוים—נאָר געסט...
טרינקט, ברידערלאַך, און עסט!
גְדבות מיט אַ פולער האַנד,
אַ „שטאָדט"—אין מִזְרח־וואַנד,
אויף שַבָּת אוֹרְחִים אַרום טיש,
און היהנער און געפיהלטע פיש...
אין שטוב פאַר יונגלאַך—אַ מְלַמֵד,
די פְלוֹנִית'טע—אין זייד און סאַמעט,
ברילִיאַנטען—גאָר ניט אָבצושאַצען—
און זאָלען מיינע שׂוֹנאִים פּלאַצען!"
אַזאַ מִין דְרָשָׁה
האָט אָבגעזאָגט פאַר זיך אַליין

אַ יוד, אַנ'אָרִימאַן, ווִי טִיטוּם-רָשָׁע
אוּן עֶלֶענד ווִי אַ שׁטִין!
אוּן מִיט אַמאָהל
דערהערט ער אַ מְשׁוּנָה'עם קוֹל
(יֵשׁ אוֹמְרִים, אַז דאָס האָט גערעדט
אַ שֵׁד;
יֵשׁ אוֹמְרִים—אַ מְכַשֵּׁף
נאָר אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה פרעגט מען נִיט קיין קַשְׁיָא. —
בּיי מִיר אַלִיין קוּמט אוֹיס
דורכאוֹיס,
אַז ס'אִיז געוועזען אַ „נִיט-נוּטער".
ווייל נוּר אַזוֹינע שׁפּיצלאַך טהוּט ער)
— הער—זאָגט ער צוּ ר' טֵבְיָה'ן—
(אַזוֹי האָט מען גערוּפען אוּנזער אֶבְיוֹן)
— דוּ ווילסט נִיט לעבען מעהר פוּן קְצָבוֹת,
ווילסט ווערען רייך אוּן זוּכען מְצִוֹת?
נוּ, מֵילָא, אוֹיך אַ יוֹשֶׁר…
איך וועל דיך מאַכען פאַר אַנ'עוֹשֶׁר,
נאַ, נעהם דאָס בּייטעלע—איין רענדיל לִיגט אִין איהם,
נוּר ער ווערט זיין פאַר דִיר אַ מַתְּנַת-אֱלֹהִים:
איין רענדיל נעהם אַרוֹיס אוּן גלייך
אִיז דאָ אַנ'אַנדערער… וועסט ווערען רייך,
וועסט שׁעפען רענדלאַך אָהן אַ שִׁיעוּר,
וועסט ווערען אַ גְּבִיר

און לעבען ווי דײַן הארץ גלוסט:
דאָס בײַטיל װעט ניט װערען פוסט...
נאָר הער מיט קאָפּ און גוט געדײַנק:
קײַן אײנציג פּרוטה ניט פערלעב, ניט שײַנק,
די רענדלאַך קלײַב און אז ס'װעט דיר דערעסען
צו קלײַבען, זאָלסטו ניט פערגעסען
דאָס בײַטעלע אַרײַנװאַרפען אין טײַך...
נור דאַמאָלסט—זאָלסט דאָס װיסען—
מענסטו שוין פון דײַן געלד געניסען:
און אויב דו װעסט ניט טהון אַזוי
װעט זײַן דיר װינד און װעה,
אַנ'אֶבְיוֹן װעסטו װידער װערען גלײַך!"
מײַן יודעל זיצט אָהן לָשוֹן,
אַ קלײַניגקײַט געװעזען אָהן אַ גראָשען
און מיט אַמאָהל... אָט איז איהם נאָט מְזַכֶּה
מיט אַ רְפוּאָה צו זײַן מַכָּה...
ער נעהמט דאָס בײַטעל, ניט אַ בליק—
עס ליגט אין איהם זײַן גליק...
ער נעהמט אַרויס אײן רענדיל—װערט דערקװיקט:
ער זעהט—אַ צװײַטער רענדיל ליגט...
,,נו, כ'דאַרף שוין מעהר ניט זאָרגען,
כ'װעל אָנקלײַבען גענוג ביז מאָרגען...
מען זאָל מיר גור ניט געבען קײַן עַיִן-הָרָע. —
לעב, חַבְרֶה, װי אַ שְׂרָרָה!—

ער זיצט די גאַנצע נאַכט,
קלײַבט רענדעלאַך און לאַכט,
עס קומט דער צװײטער טאָג,
„מיר דוכט זיך כ׳מאָג
ביז מנחה נאָך אַביר־ל קלײַבען,
אין קאַרק װעט קײנער מיך ניט טרײַבען...
ס׳איז טאַקי,
װי זאָגט מען דאָס, נור איבעריג אַ מכה!”...
און ס׳געהען טעג אַװעק און װאָכען,
מײַן טביה איז שױן װײַט פערקראָכען...
ער שלעפט די רענדלאַך אָהן אַ סוף,
ער עסט ניט, װײסט ניט פון קײן שלאָף,
ער װיל אַלײן מעהר און מעהר,
אַרײַנװאַרפען אין טײַך דאָס ביטול איז איהם שװער,
ער געהט צום טײַך און קומט צוריק:
ער קען זיך ניט געזעגנען מיט זײַן גליק...
ער טראַכט שױן ניט פון בעלער,
ער זיצט אַ דאַרער, װי אַ װאַקס אַ געלער...
ער ציטערט אויפ׳ן רובל,
ער זיצט אַלײן אין שטיבעל,
קוקט אויף זײַן גרויסען קאַסטען,
ער הערט ניט אויף צו פאַסטען.
הרפ״ט אלפים איז געװען בײַ טביה׳ן
און ער איז דאָך געשטאָרבען װי אַ׳אביון. —



# אַ מגפה אויף חיות.

פון הימעל איז אַראָב אַ גזירה
אויף אַלע חיות: ס׳האָט דער בורא
געשיקט אויף זיי אַ שרעקליכע מגפה,
זיי לויפען אַלע פונקט ווי פון אַ שׂרפה.
דער מלאך=המות
טהוט אָב זיין אַרבייט אָהן קאַטאָוועס
און אומעטום בויט דער רוצח
זיין בלוטיגען מזבח...
ער שניידט ווי היי,
און ס׳הילכט אין אַלע וועלדער אַ געשריי,
ווי פליגען פאַלען נעבּיך חיות—
טאָג=איין=טאָג=אויס לויות;
און די, וואָס שלעפען נאָך ווי ס׳איז
די אָבגעשטאַכטע פיס,

בעהאלטען זיך אין וואלד, פערנעסען
אן טרינקען און אן עסען.
ר' וועלוויל זוכט שוין ניט קיין פעטען ביסען:
ער וויל פון שעפסען גאר ניט וויסען,
ער האט געקראגען גוטע מדות,
און פראוועט איצט אין וואלד יחידות;
לאזט אבוואקסען די פאה
און חזרט „יורה-דעה"...
בעקלאגענדיג די יונגע מתים,
פאסט אלע טאג דער פוקס תעניתים,
שטעהט „שמונה-עשרה" באריכות
און זאגט כסדר סליחות...
דאס טייביל
— פערלאזט זיין חנ'ודיגע הייביל
אוועק פאר זיי די גוטע טעג!
אוים ליעבע און א סוף אנ'עק...
ויהי היום, פערופט דער לייב דער גרויסער,
אין וואלד דער שטארקער קיסר,
אויף אנ'אסיפה אלע חיות...
מען נעהט—עס הילט זיך הערען גוטע נייעס...
זיי קומען—ס'הערשט א מרה-שחורה...
דער לייב הויבט אן: „רבותי! ס'האט דער בורא
געשטראפט אונז מיט א גרויסע גזרה
געוויס פאר אונזערע עבירות:

בְּלִי־סָפֵק זֶענֶען דָא רְשָׁעִים
בַּיי אונז אִין וואַלד... עָס שְׁטאַרבֶּען קלֵיינֶע קִינדֶער,
דֶערִיבֶּער זָאל דֶער גרֶעסטֶער זִינדֶער
זִיךְ מַקְרִיב זַיין פַאר כְּלָל:
ס'אִיז שׁוֹין גֶעוועֶן נִיט אֵיין מָאהל אַזאַ פַאל!
וּבִזְכוּת זֶה וועֶט קוּמֶען דִי יְשׁוּעָה
אוּן אַ רְפוּאָה
וועֶט אוּנז דֶער בּוֹרֵא שִׁיקֶען טָאקִי
צוּ אוּנזֶער מַכָּה...
בְּכֵן, רַבּוֹתַי, אִיז נִיט שְׁפֶּעט
צוּ קלַאפֶּען זִיךְ „עַל־חֵטְא"
זָאל יֶעדֶערֶער דֶערצֶעהלֶען זַיין הַנְהָגָה־
בְּזָדוֹן וּבִשְׁגָגָה...
בִּפְנֵי כָּל עַם וְעֵדָה
בִּין אִיךְ אַלֵיין זִיךְ מוֹדֶה,
אַז כ'הָאבּ, אָה ווי־ד אוּן ווֶעה אִיז מִיר,
צוּרִיסֶען אוּנשׁוּלדִיגֶע שֶׁעפְּסֶען אָהן אַ שִׁיעוּר
אוּן אַנְבּ אוֹרְחָא — וואָס אִיז זִיךְ צוּ שֶׁעמֶען?—
אוֹיף שָׁלֹשׁ־סְעוּדוֹת אֶפֶּעס אַ פַאסְטוּךְ נֶעהמֶען.
אִיהר מֶעגְט מִיךְ מִשְׁפָּט'ֶען — גאָר זָאל שׁוֹין בֶּעסֶער יֶעדֶער
דֶערצֶעהלֶען זַיינֶע זִינד כְּסֵדֶר,
אוּן וועֶר ס'הָאט זַיינֶע ווֶענֶען מֶעהר פֶערדָארבֶּען
דֶער זָאל, רַבּוֹתַי, זַיין פַאר אוּנז אַ קָרְבָּן...
דֶער קָרְבַּן־חַטָּאת וועֶט נֶעמֶען

דעם בּורא שמעקען זעהר זיס...
— אֲדוֹנִי־מֶלֶךְ! — זאָגט דער פּוקס מיט טרעהרען —
איך קען דאָס גאָר ניט הערען!
פֿע!
אַ שעפּס צורייסען איז דען אויך אַ חֵטְא?
אויב אַלץ נאָר קוקען אויף יַשְׁרָנוּת,
טאָ, שווער איך אייך, רַבּוֹתַי, בֶּאֱמֶת,
אַז ס'וועט אונז אויסקומען נעהיִם
פֿון הונגער אויסציהען די פיס...
און דאָס, אֲדוֹנִי־מֶלֶךְ, האָסטו גאָר פערגעסען —
אַז אויב דו פלעגסט די שעפּסען טאַקי עסען
איז דאָס פאַר זיי געוועזען אַ כָּבוֹד... אויך מיר חַיּוֹת!
אַ שעפּסיל גרוים, ווי אַ כַּזַּיִת...
אַי וואָס? די פּאַסטוכער? זיי קומט אַזאַ מַפָּלָה!
איך קען זיי ניט דערמאָהנען אָהן אַ קְלָלָה:
יַחְסָנִים זענען זיי בּיי זיך און ווילען
ניט וויסען פֿון דיין ווילען"...
און נאָך דעם פּוקס, מיט חֲנִיפוֹת און הַעֲוָיוֹת,
צורעדען זיך די איבעריגע חַיּוֹת —
און ברענגען טיפע רְאָיוֹת
מיט פְּסוּקִים פֿון חֲכָמִים,
אַז ער, ר' לייב, איז גאָר אַ צַדִּיק־תָּמִים...
ר' בערל און ר' וועלוויל זאָגען אויך
אָשַׁמְנוּ מיט כַּוָּנָה הויך

נאָר ס'לאָזט זיך אוים, אַז יעדערער איז כָּשֵׁר,
אַנ'אִישׁ יָשָׁר...
אַלץ קליינינקע חֲטָאִים... קיינער
האָט נאָר קיין געגזל ניט, קיין ציינער...
זיי זענען אֶמֶת'ע צַדִיקִים גְמוּרִים
און ליידען נעבּיך נאָר אומזיסט יִסוּרִים...
און מיט אַמאָהל
דערהערען זיי אַ הויכען קוֹל.
וואָס איז? דער אָקס דער פרומער,
וואָס איז געשמאַנען אָן אַ זייט, אַ שטומער,
האָט פלוצלונג זיך צורעדט
און קלאַפּט זיך מיט געוויין „עַל חֵטְא“:
„אָשַׁמְנוּ—זאָגט ער—הערט, רַבּוֹתַי!
כ'האָב אויך אויף זיך אַ זינד אַ גרויסע,
איך וויל זיך מוֹדֶה זיין און ס'וועט מיר ווערען גרינגער...
אַ מאָהל איז דאָ ביי אונז געווען אַ הונגער,
אַ טריקעניש אַ גרויסע איז געוועזען
צוריק מיט אַ יאָהר צעהן...
געוואָלט האָט זיך מיר איין מאָהל עסען
און איך האָב אָן „לֹא תִגְנוֹב“ נאָר פערגעסען
און, ווינד איז מיר און וועה,
ביי אונזער רַב אַ בינטעל היי
האָב איך געגַנְבֶ'ט“... וואָס?... אַ גַנָב!—שרייען אוים
די חַיוֹת—„ניכער נעה אַרוים...

מְמֵילָא

שטראָפט אונז דער בּוֹרֵא פאַר דײַן גְזֵלָה...

אַ קלײנינקײט! זיך ניט צו שעמען

און פרעמדע הײ צו נעהמען

און נאָך בײַ װעמען?...

רַבּוֹתַי! האַלט איהם! האַלט!!

איך זאָג אײַך,

אַז דאָס איז ער דער „שׁוֹר שֶׁנָגַח"...

נור איבּער איהם שטראָפט נאָט דעם װאַלד...

נעהמט פאַר די הערנער איהם, דעם גַנָב, דעם רוֹצֵחַ!

זאָל ער אַ קָרְבָּן זײַן אויף דעם מִזְבֵּחַ!"

מען האָט מײַן אָקס געכאַפּט און באַלד

פערברענט אין מיטען װאַלד.

---

בײַ אונז, בײַ מענשען, גלויבּט מיר, קינדער,

איז אויך דער שלאַפער אַלע מאָהל דער זינדער...




אַ װעװעריקע איז אין אַ ראָד געזעסען,
פלעגט װעניג טרינקען, װעניג עסען,
ניט װיסען פון קײן שלאָף—
געדרעהט זיך אָהן אַ סוף,
האָט קױם געזשאַװעט,
געװען פערהאַװעט,
און מיד,
װי בָרוך אױפ'ן יָריד…
„האַלט, װעװעריקעלע, שטעה!
װאָס שמײַהעסטו אַזױ,
אַרױף, אַראָב,
עס שװינדעלט, קוקענדיג אױף דיר, דער קאָפּ?“.
— ניטאָ קײן צײַט…
איך מוז נאָך לױפען װײַט.

אִיךְ בִּין כֵּיין פְּרַיין אַ „שָׁלוּחַ"...
גֶעזָאנְט אוּן טרָאגְט זִיךְ ווִי דֶער רוּחַ
„יֶע, ווֶעחרִיקֶע, דוּ פְלִיהסְט אוּן פָארְט
אַלֵיין שְׁטֶעהסְטוּ אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט"...

איך קֶען אַזוֹינֶע יוּדֶען:
זֵיי לוֹיפֶען אוֹיף יְרִידִים,
זֵיי קְרִיכֶען אוֹיף דִי גְלַאטֶע ווֶעגְר
עֶס בְּרֶענְט
בַּיי זֵיי אוּנְטֶער דִי הֶענְד,
אוּן אָט דִי בְּרִיוֹת זֶענֶען גְרָאד
צוּהִיצְט
פֶערְשְׁווִיצְט,
פּוּנְקְט ווִי אַ ווֶעוְורִיקֶע אִין רָאד.



# אַ בֶּער צווישען בּינשטאָקען.

אויף בּינשטאָקען פּאַר אַ מַשְׁגִיחַ
האָט מען דעם בּער אַמאָהל געשטעלט
(פּראָטעקציע האָט אַ גרויסען כֹּחַ,
דאָס ווייסט די גאַנצע וועלט)
ר׳ בּערִיל איז אַלֵיין פֶערקאָכט אין דְבַשׁ.
האָט ליעב צו טהון אַ נַאשׁ,
און היטען מוז מען איהם מיט הונדערט אויגען,
הייסט זאָגט: וואָס קען אַזאַ „מַשְׁגִיחַ“ טויגען?
גאָר נעה, בּרענג רַאֲיוֹת
פערפיהרטע חַיוֹת!...
עס האָבּען אַנדערע געבּעטען,
די שטעל געוואָלט פערטרעטען
און אויסגעפיהרט האָט ער.
דאָס הייסט, ר׳ בּער...
ס׳פערשטעהט זיך, אַז די האָניג האָט ער
אַרויסגענאַשט—און פָּטוּר!

מען כאַפּט זיך, ס'איז ניטאָ קיין דְבַש,
נאָר פּע! ניט גוט...
עס איז געוואָרען באַלד אַ רַעַש—
מען שלעפּט ר' בערעלען אין סוד...
„ס'טײַטש, גַזְלָן! זאָג וואו איז דער האָניג?!"
דער דַיָן איז געווען, פערשטעהט איהר, אַ „זאַקאָניק",
ער האָט בעקלערט ר' בערעל'ס גײַנג,
געמִשְׁפָּט שטרײַנג:
ער, בערעל, פליהט אַראָב פון שטעל
און אויפ'ן שטעל
הײַסט מען איהם אַרעסטירען—
אין זײַן בערלאָגע פיהרען...
ר דאַרף דאָרט יֵשְׁבִ'ענען אַ גאַנצען ווינטער.
ר' בערעל זיצט און איז גאַנץ מונטער;
„זײַ" האָבען איהם געמִשְׁפָּט און פערטריבען,
דער האָניג אָבער איז בײַ איהם געבליבען.
ער שפּאַרט אין בײַדע באַקען
דעם ביסען דעם געשמאַקען
און האָפט, אַז פריהער, אָדער שפּעטער,
נור אַ מַשְׁגִיחַ ווידער ווערען וועט ער...





# די ערציהונג פונ'ם לייב'ס בן־יחיד.

דעם לייב, פון וואלד דעם שטארקען מלך,
האט א בן־יחיד נאט געגעבען.
צופריעדען איז דער טאטע, פרעהליך;
א קליינינקעט! א יורש ביי זיין לעבען!
ביי אונז, ביי מענשען, איז צום יאהר א קינד
נאך נאריש, שוואך און קליין,
חאטש זאל עס זיין דעם מלך'ס קינד אליין,
ביי חיות אבער וואקסען זיי געשווינד:
א לייב, א יאהר נאר אלט,
לויפט שוין ארום אין וואלד,
האט אלע ציינער—
א יונג מיט ביינער!
דערפאר האט אונזער לייב גענומען קלערען,
וואס פאר א תכלית ס'קען דא ווערען,
אז זיין בן־יחיד וועט ארומגעהן פוסט־און־פאס?
א מלך'ס זוהן—ס'איז ניט קיין שפאס!

אִיהם מַדְרִיךְ זַיִן אִיז שווערער:
ס'איז נויטהיג אָנדינגען דעם בעסטען לעהרער,
וואָס זאָל איהם מֵבִין זַיִן צוּ דער יְרוּשָׁה;
זיַין פאָלק זאָל האָבען פאַר איהם בּוּשָׁה,
ווי ס'דאַרף צוּ זַיִן איהם בּילדען,
מען זאָל דעם טאַטען פאַר'ן זוהן ניט שילטען...
הַיינט ווען
קען מען
אין וואַלד אין גרויסען נעהמען,
ווי אַ מְלַמֵד פאַר זַיִן יוֹרֵשׁ-אוֹצָר?
אהער, אַהין געקלערט... בְּקִצוּר,
דעם פוקס... ער איז אַ גרויסער חָכָם...
נאָר הַיִתָּכֵן?...
דער פוקס אֲפִילוּ איז אַ שאַרפער חֲ קֵ
נאָר אַ פערשַׁיטער שַׁקְרָן —
אַ „וויַסעל פוּנ'ם אויג“
אַ ליגנער און אַ גנב אַלץ איין זאַך...
ס'איז פאַר אַ מֶלֶךְ'ס זוהן ניט נאָר קיין שענער פאַך...
מען האָט
דעם לייב נאַריַיעט אויף דעם קראָט.
פאַר וואָס?
ער איז, האָט מען געזאָגט, „אַ יוד—אַ בַּעַל-הַבַּיִת“:
דער קראָט מאַכט ניט
אָהן אַ בּערעכענונג דעם קלענסטען טריט

לעבט מיט אַ חֶשְׁבּוֹן, לויפט ניט אויף קיין בעלער
אונ לעקט ניט פרעמדע טעלער...
נאָר איין חסָרוֹן האָט די בְּרִיאָה:
אַ קורצע רְאִיָה...
ס'איז זיין הַנְהָגָה קלוג און שען,
נור מעהר ניט, ווי פאַר איהם אַליין...
דעם לייב'ס מְלוּכָה איז דאָך, אָהן עַיִן-הָרָע,
אַפּולע גרעסער, ווי אַ נאָרע...
דעם טינער געהסען?... ס'ווייסט די גאַנצע וועלט,
אַז ער, דער טינער, איז אַ גרויסער העלד,
נאָר רייזענדיג צוריק,
איז ער אַ ביסיל שוואַך אין פּאָליטיק
און „בירגער-רעכט“
פערשטעהט ער זעהר שלעכט:
ער טהוט און שעכט
אָהן שום רַחְמָנוּת...
דער טינער וועט „זאַקאָנעס“
דעם יוֹרֵשׁ-אוֹצָר געבען,
וואָס טוינען קנאַפּוואָס פאַר'ן לעבען...
דעם לייב'ס בֶּן-יָחִיד דאַרף זיין קלינער:
זיין לעהרער טאָר ניט זיין דער טינער!
זיין זוהן דאַרף זיין אַ שׁוֹפֵט אין זיין לאַנד
און מיט כְּלֵי-זַיִן זיין בעקאַנט,
אין „פּאָליטיק“ אַ שטאַרקער רָגִיל:

מען קען ניט אַלע מאָהל זיך דינען מיט'ן נאָגיל···
אַפילו דעם בעהאוסטען העלפאַנד. וואָס מען האלט
פון איהם גאָר שטאַרק אין וואַלד,
האָט אויבעט פערבראַקירט דער קעניג:
„ער איז—זאָגט ער—נאָך ניט גענוג
פאַר זיין בן־יחיד קלוג
און בילדונג האָט ער וועניג"···
נאָר פלוצלונג קומט צום לייב אַ גוטע בשורה:
עס נעהמט זיך אָן דער אָדלער מיט זיין גבורה
צו זיין ביים לייב'ס בן־יחיד'ל אַ לעהרער.—
וואָס דאַרף דער לייב נאָך מעהרער?
דער אָדלער—ס'איז דאָך אויך אַ קיסר,
אַ שטאַרקער און אַ גרויסער···
דער לייב האָט זיך אַפולע ניט געדונגען,
צו איהם געשיקט דעם תלמיד'ל דעם יונגען,
געגעבען איהם זיין ברכה,
ס'זאָל זיין נור מיט הצלחה,
גענעהט איהם נייע קליידער
און אָבגעפיהרט אין חדר···
עס לויפען גיך די טעג:
אַ זמן אַוועק···
ער הערט פון וואַנט,
אַז ס'ווערט זיין זוהן אַ לייט:
די פויגעלאַך דערצעהלען

אַלץ נִסים פֿון דעם תַּלְמִיד'ל דעם װאוילען...
צום טאַטען קומט צוריק
דער זוהן מיט גליק.
דער טאַטע פרעהט זיך, דאַנקט דעם בּורא
און מאַכט אַ באַל לְכָבוֹד סִיוּם־תּוֹרָה...
די שעהנסטע געסט,
מען טרינקט. מען עסט,
דער לייב איז פרעהליך,
אַ טיש—כְּיַד־הַמֶּלֶךְ!
— גו,—זאָגט דער לייב—מײן טהײער קינד,
דו בּיסט איין אוינ בּײ מיר אַצינד,
איך בּין שוין אַלט
און בּאַלד
װערסט דו דער הערשער דאָ אין װאַלד...
טאָ װײז זשע, װאָס דו קענסט... זאָל יעדער זעהן,
װאָס ס'הײסט דעם לייב'ס אַ בּן!...
— פּאַפּאַ!—זאָגט דער בּנ'אָק —
די קענטשאַפט, װעלכע איך פערמאָג,
האָט קײנער ניט צװישען אײך:
איך װעל דיר זאָגען גלײך,
װאָס יעדע פױגעל עסט
און װי ער בּויט זײן נעסט...
כ'װײס אַלע זײערע „זאַקאָנעם"
און כ'האָב טאַקי פֿון זײ די סְמִיכָה אויף רַבָּנוּת

און אויב איך װעל ארױפגעהן אױפ'ן טראָהן,
הױב איך באַלד אָן
די חיות לערנען **נעסטען** מאַכען"...
עס האַלטען זיך די נעסט קוים איין פון לאַכען...
דער טאַטע כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ—
ער נעהט פון זינען באַלד אַראָב...
— אַ קלאָג צו מיר אַ גרױסער!
װאָס טױגט פאַר חיות אָט אַזאַ מין קיסר,
װאָס װײסט מעהר ניט װי פױגלען לעבען!...
אַ חורבן אױף דמין רביי'ן!...
אַ שענע בילדונג האָט ער דיר געגעבען"...
געװאַלדען מאַכט דער לייב עד־השמים,
נור נעה, שרייט „חי־וקים"...

